י. שטיינבוים

# מעטאָדיק פון ערשטן יאָר אידיש

## האַנטבוך פאַר לערער

פאַרלאַג „ערציאונג“ — ניו-יאָרק

הויפּטפּאַרקויף ביים פאַרלאַג פון

מאַקס נ. מייזל 424 גרענד סט.

ניו-יאָרק, 1924

# אינהאַלט:


עטלאַכע באַמערקונגען — — — — — — — — 4

1. אַריינפיר — — — — — — — — — — — — 7

2. מעטאָדן פון אונטעריכט — — — — — — — — — 11

3. וועלכע מעטאָדע איז בעסער פאַר אידיש — — — — 20

4. דער העברייאישער עלעמענט — — — — — — — — 32

5. פאָרבאַרייטונגען צום לייענען — — — — — — — 36

6. קאָמפּאָזיציע דאָס ערשטע יאָר — — — — — — — 47

7. אַנטוויקלונג פון זעלבשטענדיקן לייענען — — — — 62

8. אָנווייזונגען פאַר די ערשטע וואָכן — — — — — — 75

9. וויטערדיקע אָנווייזונגען אין לייענען און שרייבן 111

10. ביבליאָגראַפיע — — — — — — — — — — — 121

11. ווערטער-ביכל — — — — — — — — — — — 122

# עטלאַכע באַמערקונגען

1. דאָס דאָזיקע האַנטביכל ווערט אַרויסגעגעבן מיטן צוועק באַהילפיק צו זיין די לערער אין זייער אַרבעט מיטן לימוד פון אידיש אין די אָנפאַנג־קלאַסן. כאָטש די אַרבעט ווערט אַרויסגעגעבן דירעקט, ווי אַ האַנטבוך צו די ערשטע צוויי טיילן פון דער סעריע „לייענביכער פאַר דער אידישער שול", וועט עס, האָפנטלאַך, אויך ברענגען געוויסע נוצן אפילו יענע לערער, וואָס באַנוצן זיך מיט אַנדערע טעקסטן אין זייערע שולן.

2. אונזערע לערער אין די היגע אידישע שולן וואָלטן אָן שום ספק אָנגעפירט זייער אַרבעט אין די קלאַסן אַ סך ערפאָלגרייכער, ווי זיי טוען עס איצט, ווען זיי וואָלטן זיך אויף אַ טיכטיקן אופן באַקאַנט מיט די נייע שאַפונגען אויפן געביט פון פעדאַגאָגישער פאָרשונג. דער אָווטאָר האָפט, אַז דאָס האַנטביכל וועט זיי לכל הפחות סטימולירן זיך נענטער צו באַקענען מיט דער דאָזיקער פעדאַגאָגישער ליטעראַטור. די ביבליאָגראַפיע, וואָס קומט דאָ אונטן, אַנטהאַלט עטלאַכע פון די סאַמע וויכטיקסטע אַרבעטן אויף דעם געביט און די לערער וועלן זיכער ניט פאַרפעלן זיך מיט זיי צו באַקענען. דער אָווטאָר האָט זיך מיט די ביכער זייער פיל באַנוצט אין צוזאַמענשטעלן דאָס האַנטביכל.

3. ס'זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס דענקען, אַז באַקאַנען זיך מיט דער נייער פעדאַגאָגישער ליטעראַטור איז גאַנץ ניצלאָך. אָבער, — זאָגן זיי, — דאָס וועט ווינציק וואָס העלפן דעם אידישן לערער און דער אידישער שול. אַזאַ סאָרט טענה שטאַמט דער עיקר פון אַ ניט־באַקאַנטשאַפט מיט דער ליטעראַטור. די מאָדערנע פעדאַגאָגיק אין אירע גרונט־יסודות איז

„אינטערנאַציאָנאַל“, פּונקט ווי יעדע אַנדערע וויסנשאַפט. און די דאָזיקע גרונט גערדאַנקען און פּרינציפּן אירע קענען אויפן ערפאָלג־רייכסטן אופן אַנגעווענדט ווערן אויף דער ארבעט אין דער אידי־שער שול.

4. די איד׳שע שול איז אַ נייע. זי איז ניט צוגעבונדן, אין איר איצטיקער פאָרם, צו דורות־לאַנגע טראַדיציעס און איז ניט מחויב די אַלע טראַדיציעס אַדורכצומאַכן, אפילו ניט אויפן געביט פון ריינער פּעדאַגאָגישער אַרבעט. זי האָט די מעגלאַכקייטן אָנצו־הייבן מיט דעם נייעם, מיט דעם פאָרגעשריטנסטן. און די קינדער מיט וועמען אונז קומט אויס צו אַרבעטן זיינען אויך ניט צוגע־בונדן צו די דאָזיקע טראַדיציעס, אַז זיי זאָלן ניט קענען אויפ־נעמען אונעזר תורה דורך נייע וועגן. ס׳איז דעריבער ניטאָ די מורא פאַר אַזאַ „רעוואָלוציע“, וואָס קען חלילה צעשטערן דעם גאַנצן בנין. דער בנין ווערט ערשט געבויט, און לאָמיר אים בויען אויף געזונטע יסודות.

ניו יאָרק, סעפּט., 1924.

# אַריינפיר

1. פאַרוואָס נייע טעקסטביכער: די עטלעכע טעקסט־ביכער, וואָס מיר פאַרמאָגן אויפן אידישן ביכער־מאַרק אין אַמע־ריקע, שטעלן ניט צופרידן דאָס רוב לערער פון די היגע אידישע שולן. די דאָזיקע טעקסטביכער, הגם זיי זיינען ניט לאַנג דערשינען, זיינען פאַרעלטערט סיי בנוגע דער מעטאָדע, וואָס די מחברים באַנוצן, און סיי בנוגע דעם אינהאַלט. איבערהויפּט איז דאָס אמת וועגן די אָנפאַנג־טעקסטן, וואָס דאַרפן באַהילפיק זיין אין דעם אונטעריכט פון אידיש און וואָס דאַרפן דינען, ווי אַ צופיר צו דער ליטעראַטור.

מיר האָבן דאָ אין זין די אָנפאַנגער־טעקסטן פון יעקב לעווין: „אָנפאַנגער“, דריי טיילן און פון יוסף וואל; „דאָס ערשטע בוך“, צוויי טיילן.

באַטראַכטן מיר גענוי און ערלאַך די דערמאָנטע טעקסטן אין ליכט פון דער פּראַקטישער אַרבעט אין קלאַס, קומען מיר צו די פאָלגנדיקע שלוסן:

א) ניט געקוקט דערויף, וואָס די מחברים באַנוצן זיך אין די ערשטע טיילן מיט דער אַזוי־גערופענער עקלעקטישער מע־טאָדע, ווערט די אַרבעט אין קלאַס מיט די קינדער רעדוצירט צו ריינער מעכאַנישער איבונג פון פאָנישן סאָרט. די אַלע מעטאָדישע מיטלען, וואָס ווערן רעקאָמענדירט, ווי: שמועסן וועגן די בילדער א. א., ווערן פון ס'רוב לערער ניט באַנוצט, ווייל די טעקסטן זיינען צוגעפּאַסט צו פּשוטע קלאַנג־איבונגען.

ב) עס נעמט עטלעכע מאָנאַטן, די וויכטיקסטע מאָנאַטן פאַר דעם קינד אין זיין באַציאונג צו דער שול, ביז די קינדער דערלעבן אליין צו קענען איבערלייענען אַ מעשה. זיי דאַרפן אדורכ־

מאכן דעם גאנצן א"ב פריער, איידער זיי קענען זעלבשטענדיק לייענען עפּעס; און אויב א מעשה ווערט געגעבן פריער, איז דאָס אַ צוגעשניטענע, זי זאָל זיך צופּאסן צו דער צאָל קלאַנגען, וואָס די קינדער קענען שוין. ביז דאַן ווערן די קינדער ערצויגן אויף אַזעלכע ליטעראַרישע און אינפאָרמאַטיווע מאַטעריאַלן, ווי:

די מאַמע טיילט פליש מיט אַ מעסער,
דעם טאַטן גיט די מאַמע אַ טאָס מיט טיי (איבונג—ג).
דער זיידע זאַלמען איז איר טאַטנס פאָטער,
איר פאָטער איז זיידע זאַלמענס אַ זון (איבונג—ז).
(„אָנפאַנגער", 1־טער טייל)

ארעלע עסט עפּעס. פערעלע פרעסט עפּעס.
עס טוט עפּעס עטעלע. פּופּע, טוטסטו עפּעס? (איבונג—ו).
קלאַס, טוט אַ קלער. אַ קוקוק קוקוקעט.
טוט עפּעס אַ פּאַווע? קוקוקעט אַ פּאַווע? (איבונג—וו).
(דאָס ערשטע בוך, טייל א׳)

ג) די לייען־מאַטעריאַלן פון די דערמאַנטע טעקסטן, נאָכ־דעם, ווי די קינדער קענען שוין דעם א"ב, זיינען זייער אָרים. זעלטן געפינט זיך דאָרט אַן אינטערעסאַנטער סוזשעט, וואָס זאָל פאַרכאַפּן דעם קינדס אינטערעס און אויפמערקזאַמקייט און אַזוי אָרום אַרויסרופן אַ באַגער ווייטער צו לייענען אין די דאָזיקע ביכער, אָדער אין אַנדערע. אַ קליינער אויסנאָם איז י. לעווינס 2־טער טייל „אָנפאַנגער", וואָס אַנטהאַלט אַ ריי אינטערעסאַנטע מעשׂות איבערגעזעצט פון די ענגלישע אָנפאַנג־ביכער.

ד) ווי אַ רעזולטאַט פון די אויבנדערמאַנטע חסרונות גע־פינען מיר אין די טעקסטן זייער ווינציק מאַטעריאַל, וואָס זאָל אַרויספירן די קינדער אין אַ ברייטערער וועלט און אַזוי אַרום זיי סטימולירן צו נייע געדאַנקען און אָנרעגן צו נייע ערפאַרונגען. דאָס אַלץ ווערט אָפּגעלייגט אויף שפּעטער. דערווייל פאַרברענגען די

קינדער אַ יאָר אין שול אויף איבונגען, וואָס וועלן זיי, אמת, נוצן ברענגען אין דער ווייטערדיקער ארבעט, אָבער ניט גלייך.

ה) צוליב געוויסע פּעדאַגאָגישע אורזאַכן (און ס'איז נאָך דערווייל ניט באַוויזן געוואָרן אויף ווי ווייט די אורזאַכן זיינען וויסנשאַפטלאַך באַגרינדעט) האָבן אונזערע מחברים אויסגעשלאָסן דעם העברייאישן עלעמענט, ווי אַ נייטיקער טייל אין דער שפּראַך פון די קינדער, וואָס הייבן זיך אָן לערנען אידיש. אויסשליסנדיק אַזעלכע ווערטער, ווי: אמת, שבת, א סך, מתנה, חלה, כלה און אַנדערע, וואָס ווערן באַנוצט אין דער שפּראַך אפילו פון די קינדער, פאַרלירט די שפּראַך איר חן. די מחברים מוזן אָדער אויסשליסן אַזעלכע מעשות, וואָס אַנטהאַלטן די דאָזיקע ווערטער, אָדער זיי מאַכן זיי איבער, וואָס איז פיל ערגער, ווייל אין אַ סך פאַלן קלינגט די „איבערמאַכונג" — קאָמיש. אַ ביישפּיל איז נחום י.ס ליד „ניט געשטויגן, ניט געפלויגן". צו יעדע סטראָפע קומט צו אַ רעפריין „דאָס איז אמת, דאָס איז אמת", אָבער „אמת" האָבן נאָך די קינדער ניט געלערנט, איז דערפון געוואָרן: „דאָס איז ריכטיק, ריכטיק, ריכטיק, דאָס איז ריכטיק אַלץ געווען" *)—אַן אויסדרוק וואָס מיינט לחלוטין עפּעס אַנדערש פון „אמת".

2. די סעריע „לייענביכער פאַר דער אידישער שול":

כדי אויסצובעסערן כאָטש אויף וויפל ס'איז די דערמאָנטע חסרונות, האָט דער איצטיקער מחבר ארויסגעגעבן די ערשטע צוויי טיילן פון די „לייענביכער". די לייענביכער אונטערשיידן זיך פון די אַנדערע טעקסטן אין די פאָלגנדיקע וויכטיקע פּונקטן:

א) אַלע מעכאַנישע איבונגען ווערן אויסגעשלאָסן פון די ביכער (אָבער ניט פון דער גאַנצער אונטעריכט־סיסטעם);

---

*) זע „דער אָנפאַנגער" טייל 1.

ב) די קינדער הייבן גלייך אָן לייענען אַ גאַנצע זאַך, וואָס וועט זיי צוציען צו דער אַרבעט;

ג) נאָך י ע ד ע ר לעקציע בלייבט ביים קינד עפּעס, וואָס עס קען מיטנעמען אַרויסגייענדיק פון דער שול, אַ לידל צו דעקלאַמירן, פּאַרצולעזן, אָדער אַ מעשה צו דערציילן;

ד) ניט אויסשליסנדיק קיין עלעמענט פון דער שפּראַך און איינשליסנדיק בלויז שאַפונגען פון דער ליטעראַטור, זיינען דערום די מאַטעריאַלן אין די לייענביכער רייכער אין שפּראַך און אין אינהאַלט; און —

ה) די מעטאָדע, וואָס ווערט רעקאָמענדירט אויסצולערנען די קינדער לייענען אידיש איז אַ סך בעסער צוגעפּאַסט צו דעם אַלגעמיינעם לערן־פּראָצעס ביי קינדער און ביי דערוואַקסענע, ווי די, וואָס ווערט באַנוצט אין די אַנדערע טעקסטן.

וועגן דער מעטאָדע פון אונטעריכטן לייענען אידיש, וואָס ווערט דאָ רעקאָמענדירט, דאַרף געזאָגט ווערן, אַז כאָטש זי איז ניט ניי אין דער אַלגעמיינער פּעדאַגאָגישער וועלט, איבערהויפּט אין אַמעריקע, איז זי דאָך ניי אין אידיש פאַר די מערסטע לערער. איך זאָג פאַר די מערסטע און ניט פאַר אַלע, ווייל מיר ווייסן פון אַ ריי לערער אין לאַנד, וואָס האָבן זיך באַנוצט און באַנוצן זיך נאָך מיט דער מעטאָדע, הגם אין אַ מאָדיפיצירטער פאָרם. ד ע ר אופן פון לערנען לייענען אידיש האָט ניט אַרויסגערופן מצד די דאָזיקע לערער קיין באַזונדערע שוועריקייטן אחוץ יענע, וואָס באַווייזן זיך ביי יעדער אַרבעט מיט קינדער. לכל הפּחות וועלן די שוועריקייטן, וואָס געוויסע לערער וועלן באַגעגענען אַ דאַנק זייער פּראַקטיק אין די אַנדערע מעטאָדן, ניט זיין קיין גרעסערע, ווי פריער, אויב נאָר זיי וועלן זיך, ווי געהעריק, צוגרייטן.

# מעטאָדן פון אונטעריכט

כדי בעסער צו פאַרשטיין און אָפּשאַצן די מעטאָדע, וואָס ווערט דאָ באַנוצט פאַר דעם אונטעריכט פון לייענען אידיש, וועט ניט שאַטן אויב מיר וועלן זיך אין קורצן באַקענען מיט די מעטאָדן, וואָס זיינען באַנוצט געוואָרן און ווערן נאָך טיילווייז באַנוצט אין די אַלגעמיינע און אין די אידישע שולן אויסצולערנען די קינדער לייענען און שרייבן אידיש.

פאַר דעם אונטעריכט פון לייענען און שרייבן ווערן איצטער באַנוצט אין גאַנצן, אָדער אַביסל מאָדיפיצירט, די פאָלגנדיקע מעטאָדן:

די א"ב מעטאָדע, די פאָנישע (אָדער קלאַנגען) מעטאָדע, די וואָרט־מעטאָדע, די זאַץ־מעטאָדע און די קאָמבינירטע אָדער עקלעקטישע מעטאָדע. די „וויזועלע מעטאָדע" ווערט אָפט גענוצט אַנשטאָט וואָרט־ און זאַץ־מעטאָדע.

1. די א"ב־מעטאָדע: די דאָזיקע מעטאָדע פון לערנען קינדער לייענען און שרייבן, איז די גאָר עלטסטע פון אַלע מעטאָדן. עדמאָנד ב. היואי *) ווייזט אָן, אַז אָט די מעטאָדע איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין גריכנלאַנד און רוים און איבערן גאַנצן אייראָפּייאישן קאָנטינענט ביזן סוף פון 19־טן יאָרהונדערט. די סיסטעם איז אויך באַנוצט געוואָרן און ווערט נאָך באַנוצט אין די חדרים. אין אַ מאָדיפיצירטער פאָרם ווערט זי נאָך באַנוצט ביזן היינטיקן טאָג אין אַ סך שול־סיסטעמען. אין קורצן באַשטייט אָט די סיסטעם אין דעם:

צוערשט לערנט מען אויס די קינדער דעם גאַנצן א"ב אין סדר, אָדער טיילן פון א"ב לויט זייערע נעמען: א, ב, ג, ד, א. אַז. וו. אין עטוואָס אַ מאָדיפיצירטער פאָרם, לערנט מען די קינדער אויך גלייכצייטיק די קלאַנגען פון די אותיות. נאָכדעם טרעט מען

*) זע זיין "Psych. and Ped. of Reading" זייט 240 און ווייטער.

צו צו דער קאָמבינירונג פון עטלאַכע אותיות, צוזאַמענשטעלנדיק פאַרשיידענע אויסטערלישע זילבן און טיילן פון ווערטער. געוויינט־לאַך הייבט מען אָן מיט צוויי אותיות: איין קאָנסאָנאַנט און איין וואָקאַל. אין דער ריינער סיסטעם דאַרפן די קינדער איבערגיין פון די נעמען פון די אותיות צו זייער אויסשפּראַך צוזאַמען. למשל: פתח(—) ב—באַ, פתח ג—גאַ, א. אז. וו. אין דער מאָדיפיצירטער פאָרם גייען די קינדער איבער פון די נעמען צו די קלאַנגען פון יעדן אות און דערפון צו אַ לייכטער קאָמבינירונג. למשל: באַ, דאַ, כאַ, באָ, דאָ, כאָ; אַב, אַד, אַז, אַר; אָב, אָז, אָר **) פון צוויי אותיות׳דיקע זילבן גייט מען איבער צו דריי, צו איין זילביקע ווערטער, א. אז. וו.

אויף דער סיסטעם פון לערנען קינדער לייענען האָט מען גע־קוקט, ווי אויף אַ לייכטער און פּשוט׳ער מעטאָדע — איבערגיין פון דעם איינפאַכן (אַן איינציק אות) צו דעם קאָמפּליצירטן (קאָמ־בינאַציע פון עטלאַכע אותיות). אין דער אמת׳ן איז די מעטאָדע, צי אין דער ריינער פאָרם, צי אין דער מאָדיפיצירטער, אַ גאַנץ קאָמפּליצירטער פּראָצעס פאַר׳ן קינד. סאַי אין רעדן און סאַי אין לייענען, ווערן די נעמען פון די אותיות ניט באַנוצט. דאָס קינד הערט פּאַקטיש גאַנצע זאַצן מיטאַמאָל און דאָ דאַרף עס זיך אויס־לערנען לייענען דורך אַזאַ משונה׳דיקן פּראָצעס, ווי לייענען דורך נעמען פון אותיות. ביז אַהער, ביז דאָס קינד האָט זיך אָנגעהויבן לערנען לייענען אין שול האָבן נעמען און קלאַנגען ניט פאַרנומען קיין אָרט אין דער שפּראַך זיינער, און איצטער ווערן זיי די הויפּט עלעמענטן אין אונטעריכט.

ס׳איז באמת אַ וואונדער ווי אַזוי קינדער האָבן זיך אויסגע־לערנט לייענען דורך דער מעטאָדע; אָדער אפשר האָבן זיי זיך דאָס אויסגעלערנט, ניט געקוקט אויף דער מעטאָדע, נאָר אַ דאַנק דער אָפטער איבער׳חזר׳ונג פון די ווערטער.

**) זע לעאָן עלבע „די אידישע שפּראַך" (ערשטע לעקציע).

2. **די פּאָנישע מעטאָדע** (אָדער קלאַנגען־סיסטעם): אַ שריט ווייטער פון דער א״ב־מעטאָדע האָט געמאַכט די פּאָנישע. קודם כל האָט די דאָזיקע מעטאָדע פאַרוואָרפן די נעמען פון די אותיות, ווי אַ נייטיקער עלעמענט אין לייען־פּראָצעס. ווי באַלד די נעמען פון די קלאַנגען ווערן ניט באַנוצט אין אויסריידן, אָדער אויסלייענען אַ וואָרט, איז דאָך ניטאָ קיין אורזאַך פאַרוואָס די נעמע זאָלן זיין דער יסוד פאַר׳ן לייען־אונטעריכט.

די אָנהענגער פון דער פּאָנישער סיסטעם זיינען ווידער אַרויסגעגאַנגען פון שטאַנדפּונקט, אַז אָנהייבן לערנען אַ קינד לייענען דאַרף מען מיט די איינפאַכע עלעמענטען און פון זיי איבערגיין צו די קאָמפּליצירטע. דאָס וואָרט איז אַן איינ־פאַכער עלעמענט פונם זאַץ; דער איינציקער קלאַנג איז נאָך פּשוט׳ער פונם וואָרט, ווייל אַ וואָרט באַשטייט פון גאַנץ באַזונ־דערע קלאַנגען. דערפון איז קלאָר, אַז מ׳דאַרף אָנהייבן לערנען לייענען פון די קלאַנגען, ד. ה. פון די איינפאַכע עלעמענטען פון וואָרט און בהדרגה איבערגיין צו דער זילב, צום וואָרט, צום זאַץ און ענדלאַך צום מעשה׳לע. ווי נאָר די קינדער וועלן זיך גוט אויסלערנען אַלע קלאַנגען פון דער שפּראַך, וועלן זיי שוין גאַנץ באַוואוסטזיניק קענען אָנגיין מיט דער איבעריקער אַרבעט.

די אותיות פון דער שפּראַך זיינען פאַנאַנדערגעטיילט גע־וואָרן אין „לייכטע“ און „שווערע“ קלאַנגען. צוערשט האָט מען צוזאַמענגעשטעלט איבונגען פון די לייכטע קלאַנגען און שטופּנ־וויין איבערגעגאַנגען צו די שווערע. פון עטלאַכע קלאַנגען קאָמ־בינאַציעס איז מען איבערגעגאַנגען צו זילבן, אָדער איינטראַפּיקע ווערטער און דערנאָך — צו שווערערע קאָמבינאַציעס. די זילבן, ווערטער און זאַצן האָבן נאַטירלאַך ניט געהאַט קיין שייכות צווישן זיך און ס׳האָט דאָ ניט געקענט זיין קיין רייד וועגן לי־טעראַרישן לייען־מאַטעריאַל.

על פי דער סיסטעם האט לעאן עלבע צוזאמענגעשטעלט „די אידישע שפראך“ און י. לעווין „די נייע אידישע שול“ *)

א ביישפיל פון עלבעס קלאנג־איבונגען איז שוין פריער געבראכט געווארן. נאך די דאזיקע איבונגען, לויט וועלכע די קינדער לערנען זיך אוים די קלאנגען פון די אותיות, קומען די ווערטער: א באק, א באר, א קאר, א ראק, דאר, באב, באד, באק, ראד, א. אז. וו.

ענלאך דערצו איז דאס לייען־מאטעריאל אין „די נייע אידישע שול“: צוערשט קומען למשל איינזילביקע איבונגען אויף די נייע קלאנגען ו און י: ע! מע, מו, פע! פי! ער, דיראָרא. גלייך נאכדעם גאנצע ווערטער, אבער אויך אן א שייכות: מא־מע, מאמע, א מאמע, מאמעלע! מו־מע,מומע, א מומע, מומעלע! — ער, שער, א שער, א שערעלע, א. אז. וו.

די דאזיקע פאנישע סיסטעם איז געווען און איז נאך איצטער זייער פארשפרייט אין די אידישע שולן אין אמעריקע.

3. די װאָרט־מעטאָדע: כאטש די מעטאָדע איז ניט באנוצט געווארן ווי א יסוד פון אונטעררריכט אין די אידישע שולן, איז אבער כדאי זיך אפצושטעלן אויף איר, כדי דאס בילד פון דער אנטוויקלונג פון אונטעריכט־מעטאָדן זאל פאר אונז זיין קלארער.

הגם אַט די מעטאָדע איז ניט לאנג צוריק באטראכט געווארן ווי א רעוואָלוציע אנטקעגן דער פאנישער־סיסטעם, פונדעסטוועגן איז זי שוין באנוצט געווארן אין קאמעניוסעס צייטן. די אנהענגער פון דער סיסטעם גייען ארוים פון שטאנדפונקט (און זייער ריכטיק), אז דער קלאנג פון גאנצן ווארט איז לחלוטין ניט דאס,

*) לעאן עלבע: די אידישע שפראך, ארויסג. פון מ. גורעוויטש, נ. י., 1914.
יעקב לעווין: די נייע אידישע שול, ערשטער טייל, היב. פאב. קא., נ. י., 1916.

וואָס עס ווערט אַרויסגעבראַכט ווען מיר „קלינגען אַרויס“ די באַזונדערע קלאַנגען. דאָס וואָרט אין דרוק, אָדער שריפט, דאַרף אַרויסגערעדט ווערן אַזוי, ווי בשעת מיר רעדן. און מיר רעדן קיינמאָל ניט ט־אַ־ט־ע, נאָר: טאַטע. דאָס וואָרט — דאָס איז איין בילד און ניט קיין באַזונדערע טיילן פון אַ בילד. דאָס וואָרט האָט זיין באַזונדערן אויסזען. און פונקט, ווי מיר קענען אויסלערנען אַ קינד דעם קלאַנג פון איין אות, אַט אַזוי קענען מיר עס אויסלערנען דעם קלאַנג פון אַ גאַנץ וואָרט.

נאָך אַ ריי לעקציעס האָבן זיך די קינדער אויסגעלערנט דער־קענען צענדליקער ווערטער פון וועלכע ס'איז מיט דער צייט צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַ גאַנץ מעשה'לע. ספּעציעלע פּאָ־נישע איבונגען פלעגן געמאַכט ווערן, כדי באַהילפיק צו זיין די קינדער אין דערקענען אפילו אַזעלכע ווערטער, וואָס זיי האָבן נאָך פריער ניט געהאַט. די דאָזיקע איבונגען פלעגן זיך שטיצן אויף די קלאַנגען, וואָס די קינדער האָבן זיך אויסגעלערנט דורך די ווערטער אין די פריערדיקע לעקציעס.

דער פּרינציפּ איז: איבערגיין פון דעם גאַנצן וואָרט צו דעם זאַץ, צום מעשה'לע און צוריק צום עלעמענטאַרן קלאַנג.

4. **די זאַץ־מעטאָדע**: די וואָרט־מעטאָדע ליידט פון איין גרויסן חסרון: די באַזונדערע ווערטער, וואָס די קינדער לער־נען זיך אויס, זיינען אָפּגעריסן איינס פון ס'אַנדערע, אָן שייכות צווישן זיך אין די ערשטע פּעריאָדן פון לערנען. אַ חוץ דעם גייט זי להיפוך צו דעם אופן פון מענטשלאַכן דענקען: דער מענטש דענקט און רעדט ניט אין באַזונדערע ווערטער (אַ חוץ אַזעלכע ווערטער, וואָס דריקן אויס אַ גאַנצן געדאַנק), נאָר אין גאַנצע געדאַנקען אויסגעדריקט אין זאַצן. דער זאַץ — דאָס איז דער פונדאַמענט פון דענקען און במילא פון דער שפּראַך. דער זאַץ דאַרף אויך זיין דער יסוד אין לערנען לייענען. פונקט, ווי

דאָס וואָרט איז עפּעס אַנדערש, ווי די באַזונדערע עלעמענטן זיינע, אַזוי איז דער זאַץ עפּעס אַנדערש פון אַ ריי ווערטער. לערנענדיק די באַזונדערע ווערטער און אַזוי איבערגייין צום זאַץ, איז נאָך ניט דער זאַץ אַליין, וואָס האָט זיך זיין באַזונדערן קלאַנג און אויסזען. דער זאַץ דריקט בלויז דאַן עפּעס אויס, ווען ער ווערט באַנוצט, ווי איין גאַנצע זאַך, אומצעטיילבאַר.

געוויינטלעך ווערט אָט די מעטאָדע אָנגעפירט אויף אַזאַ אופן: דער לערער ווייזט די קינדער אַ בילד. די קינדער טראַכטן צו אַ זאַץ, וואָס דאַרף דערקלערן עפּעס וועגן בילד. דורך פאַרשי־דענע פראַגעס באַקומט דער לערער אַרויס פון די קינדער דעם געוואונטשענעם זאַץ. דער דאָזיקער זאַץ ווערט אויפגעשריבן, צו־זאַמען מיט אַנדערע וועגן זעלבן בילד, און ס'באַקומט זיך אַ מעשה־לע, וואָס די קינדער קענען לייכט איבערלייענען. אַחוץ בילדער באַנוצן זיך די לערער מיט די פאַרשידענע ערפאַרונגען פון די קינדער פון וועלכע עס ווערן געשאַפן מאַטעריאַלן פאַר לייענען און שרייבן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דעם לערערס עובדא דערביי איז: זען אַז געוויסע זאַצן זאָלן זיך וואָס אָפטער איבער'חזר'ן. צו די זאַצן, וואָס די קינדער קענען שוין ווערן כסדר צוגעשטעלט נייע עלעמענטן. צ. ב. די קינדער קענען איבערלייענען דעם זאַץ: איך גיי אין שול. ס'איז דערנאָך שוין ניט שווער צו בויען דערפון נייע זאַצן, ווי: איך גיי אין שול. איך לערן אין שול אידיש. איך שפּיל אין שול מיט די קינדער: א. אז. וו.

אַ דאַנק די דאָזיקע זאַץ־איבונגען לערנען זיך די קינדער לייכט אויס דערקענען געוויסע ווערטער וואָס חזר'ן זיך אָפט איבער. דאָס זעלבע קומט נאַטירלעך פאַר מיט די באַזונדערע קלאַנגען. וואָס די קינדער באַמערקן איז פאַרשידענע ווערטער. אויף אָט די דאָזיקע קלאַנגען ווערן מיט דער צייט געמאַכט ספּעציעלע איבונגען און אַזוי אַרום ווערן די קענטעניש מער פּאַרפעסטיקט.

דער פּרינציפּ איז: איבערגיין פון גאַנצן זאַץ צום מעשה׳לע און צוריק צום עלעמענטאַרן קלאַנג.

אין די ערשטע פּעריאָדן פון דער אַרבעט איז דאָס לייען־מאַטעריאַל פּונקט אַזוי אָרים, ווי אין פאַל מיט דער וואָרט־מעטאָדע. די זאַצן זיינען געוואַלטיק אָרים אין אינהאַלט און פון שטאַנדפּונקט פון ערציאונג, פון סטימולירן די קינדער צו נייע געדאַנקען, מוז די ריינע זאַץ־מעטאָדע זיין אַזוי פעלערהאַפטיק, ווי די אַנדערע דערמאָנטע מעטאָדן, הגם ניט אין דער זעלבער מאָס.

5) די קאָמבינירטע מעטאָדע (עקלעקטישע): די וואָרט־מעטאָדע, און באַזונדערס די זאַץ־מעטאָדע, האָט אין זיך די מעלה, וואָס די קינדער לערנען זיך לייענען ניט דורך פּוסטע קלאַנגען און אָפּגעריסענע ווערטער, נאָר דורך גאַנצע אויסדרוקן פון געדאַנקען, וואָס ווערן לייכט קאָמבינירט אין אַ מעשה. דאָס לעצטע איז זייער וויכטיק, כדי אָנצוהאַלטן דעם אינטערעס פון קינד אין דער אַרבעט און טאַקע אים געבן אומדירעקט נייע ער־פאַרונגען — דערציען אים.

אינגאַנצן פאַרוואַרפן פאָנישע איבונגען, האָבן מיר געזען, איז אוממעגלאַך וועלכע פון די דערמאָנטע מעטאָדן מ׳זאָל ניט באַנוצן, מחמת כּוף־כּל־סוף מוזן זיך די קינדער אויסלערנען זעלב־שטענדיק און באַוואוסטזיניק לייענען. אָבער ריינע טעכנישע אי־בונגען זיינען ניט צוגענגלאַך צו די קינדער — דאָס אינטערעסירט זיי ניט. טאָ פאַרוואָס זאָל מען ניט קענען פאַראייניקן די פאָנישע מעטאָדע מיט דער זאַץ־מעטאָדע און אַזוי אָרום דערגרייכן ביידע רעזולטאַטן? ד. ה.: דורך די פאָנישע איבונגען וועלן זיך די קינדער לערנען לייענען באַוואוסטזיניק און דורך די זאַצן וועט מען אָנהאַלטן זייער אינטערעס אין דער אַרבעט.

אָט די דאָזיקע קאָמבינירונג פון די צוויי סיסטעמען איז דאָס די אַזוי גערופענע עקלעקטישע מעטאָדע; די מעטאָדע נעמט אין

זיך אריין די נייטיקסטע עלעמענטן פון די אַנדערע מעטאָדן און על־פּי דער קאָמבינאַציע לערנט מען די קינדער לייענען.

לויט דער קאָמבינירטער סיסטעם זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן די אַנפאַנגער־טעקסטן פון י. לעווינס „אַנפאַנגער" און י. וואַלס „דאָס ערשטע בוך".

אט איז א ביישפּיל, ווי אזוי דער לערער פירט אָן אַ לעקציע על־פּי דער עקלעקטישער מעטאָדע:

לערער ווייזט די קינדער דאָס בילד אין בוך. ער פירט מיט זיי אַ שמועס וועגן דעם און שטעלט די קינדער פאַרשידענע פראַגן. די ענטפערס אויף די פראַגן געפינען זיך אין בוך און דעם לערערס טובדא איז: באַקומען אַקוראַט די זעלבע ענטפערס פון די קינדער. וואָס וועלן זיי שפּעטער איבערלייענען אין בוך. אין יעדער נייער לעקציע געפינט זיך אַ נייער קלאַנג, אָדער קלאַנ־גען. דער לערער דאַרף זען, אַז דורך די אַלע שמועסן און איבער־לייענען זאָל די אויפמערקזאַמקייט פון די קינדער קאָנצענטרירט ווערן אויף די קלאַנגען און אויף אָט די ווערטער אין וועלכע זיי קומען פאָר. די דאָזיקע ווערטער און זאַצן חזר'ן זיך אָפט אי־בער, סאַי אין דער זעלבער לעקציע, סאַי אין די ווייטערדיקע לעק־ציעס און די קינדער לערנען זיך אזוי ארום אויס דערקענען די קלאַנגען און גאַנצע ווערטער און זאַצן.

דער אָנהייב דאָ ווערט טאַקע געמאַכט מיט'ן זאַץ, אָבער מ'גייט גלייך איבער צו איבונגען אויף די קלאַנגען, וואָס קומען אריין אין יעדער לעקציע. די זאַצן זיינען, פאַרשטייט זיך, צוגעפּאַסט ספּע־ציעל צו די קלאַנגען, סאַי פון דער לעקציע און פון די פריערדיקע. די זאַצן קומען דאָ צוהילף די פאָנישע איבונגען.

די דאָזיקע עקלעקטישע מעטאָדע איז אין זיך כולל אַלע מעלות און חסרונות פון די אַנדערע מעטאָדן. דאָס לייען־מאַטע־ריאַל איז כמעט דאָס זעלבע, ווי אין דער ריינער זאַץ־מעטאָדע. אָט עטלאַכע ביישפּילן:

א פּופּע. עטעלעס פּופּע. סאַראַ פּופּע!
אַרעלע, טוט עפּעס אַ פּופּע? פּופּע,
טוסטו עפּעס? (פון וואַלס ערשטן בוך).

די מאַמע קומט מיט סעמעלען.
סעמעלע איז ביי דער מאַמען אַף די
הענט. די מאַמע זעצט אַוועק סעמעלען
אַף אַ שטול. די מאַמע נעמט פון שאַפע
מעסער און גאָפּלען. (פון לעווינס „אָנפאַנגער“).

דאָס איז אין קורצן דער תוך פון די אָנגענומענע מעטאָדן צו לערנען קינדער לייענען. מיר וועלן איצטער באַטראַכטן זייערע מעלות און חסרונות און זען צי קענען מיר זיי באַנוצן, צי ד אַ ר פ ן מיר זיי באַנוצן פאַרן אונטעריכט פון לייענען און שרייבן אידיש.

# װעלכע מעטאָדע איז בעסער פאַר אידיש?

געװיסע מחברים פון אידישע טעקסט־ביכער שטעלן ארױס די טענה, אז פאר'ן אונטעריכט פון לײענען אידיש קען מען ניט באַנוצן די זעלבע מעטאָדן, װאָס װערן באַנוצט פאַר אַנדערע שפּראַכן. אידיש איז ניט ענגליש, ניט דײטש, א. אז. װ. דעריבער מיז מען פאַר אידיש נוצן אַן אַנדערע מעטאָדע. איז װעלכע מע־טאָדע פּאַסט זיך בעסער פאַרן אונטעריכט פון לײענען אידיש?

כדי דער גאַנצער ענין זאָל פאַר אונז זײן קלאָרער, װעלן מיר פריער אין קורצן אַנאַליזירן די פריערדיקע מעטאָדן.

1. **די א״ב מעטאָדע:** ס'איז ניט נײטיק זיך ארײנצו־לאָזן אין א ברײטן אַנאַליז צו באַװײזן, אַז די א״ב־מעטאָדע, אין איר מאָדיפיצירטער פאָרם אפילו, איז לחלוטין ניט פּאַסיק פאַרן אונטעריכט פון אידיש, אָדער פון װעלכער ס'איז אַנדער שפּראַך. די מעטאָדע װערט סאַ־װױ פון קײנעם ניט גענוצט אין די אידישע שולן און די טעקסטביכער, װאו די מעטאָדע װערט באַנוצט איז דער מאָדיפיצירטער פאָרם, זײנען אױך אראָפּ פון מאַרק. יעדער אײנער װײס שױן הײנט, אַז די נעמען פון די אותיות האָבן קײן שײכות ניט מיט זײערע קלאַנגען און װען די קינדער לערנען זיך יאָ אױס לײענען דורך דער מעטאָדע, איז דאָס ניט מחמת זײ װײסן די נעמען פון די אותיות, נאָר װײל אומדירעקט דערקענען זײ די קלאַנגען זײערע און געװײנען זיך אױך צו דערקענען די גאַנצע װערטער, נאָכזאָגנדיק נאָכן לערער (עברי, למשל).

2. **די פאָנישע מעטאָדע:** גאַנץ אַנדערש איז די לאַגע מיט דער פאָנישער מעטאָדע. זי װערט אָפט באַנוצט ניט נאָר װי א הילף צו אַנדערע מעטאָדן, נאָר װי א סיסטעם פאַר זיך אַלײן. און ס'זײנען נאָך פאַראַן אַזעלכע װאָס טענה'ן, אַז די אײנציקע סיסטעם, װאָס פּאַסט זיך אין דער אמת'ן צו צו דער

אידישער שפּראַך איז נאָר די פּאָנישע. ס'איז דעריבער כדאי אביסל לענגער זיך אָפּשטעלן אויף דער סיסטעם.

מיר האָבן אויבן געזען, אַז דער תוך פון דער סיסטעם באַשטייט אין: (א) קינדער לערנען זיך אויס די קלאַנגען פון געווּיסע אותיות; (ב) צוויי אָדער מער קלאַנגען ווערן קאָמבינירט אין זילבן אָדער איינזילביקע ווערטער; (ג) נאָך אַ געהעריקער פּראַקטיק מיט די קאָמבינאַציעס, גייט מען איבער צו גאַנצע ווערטער און צו טיילן פון זאַצן; און (ד) אַז די לייען־מאַטעריאַלן זיינען זייער אָרים, באַשטייענדיק ס'רוב פון אויסגעטראַכטע און ניט פאַרבונדענע זאַצן, אָן אַ צענטראַלן סוזשעט.

די דאָזיקע סיסטעם, טענה'ען די אָנהענגער אירע, איז צום בעסטן צוגעפּאַסט צו דער אידישער שפּראַך צוליב צוויי הויפּט־טעמים:

א) אידיש איז אַ פּ אָ נ ע ט י ש ע שפּראַך, דעריבער איז די פּ אָ נ י ש ע מעטאָדע צום פּאַסיקסטן; און

ב) דורך דער פּאָנישער מעטאָדע לערנען זיך די קינדער אויס לייענען ב אַ ו ו א ו ס ט ז י נ י ק; זיי ווייסן תמיד פאַר־וואָס „טיש", למשל, לייענט זיך „טיש" און ניט „פיש". אַ דאַנק דער מעטאָדע קענען זיי אויך לייענען אפילו אזעלכע מאַטעריאַלן. וואָס דער לעי־ער איז מיט זיי ניט אדורכגעגאַנגען, אויב נאָר זיי האָבן זיך באַקאַנט מיט אַלע אותיות פון א"ב.

א) **אידיש איז אַ פּאָנעטישע שפּראַך**: אפילו ווען מיר וואָלטן לשם ארגומענט צוגעגעבן, אַז אידיש שרייבט זיך פּאָנע־טיש, וואָלט דאָס נאָך אַלץ ניט באַוויזן, אַז לערנען קינדער לייע־נען אידיש דאַרף מען דורך דער פּאָנעטישער סיסטעם. ווייל וואָס האָט דאָס אויסלייגן פון דער שפּראַך אין דער אמת'ן צו טאָן מיט דעם לערן־פּראָצעס ביי קינדער? און ס'דאַרף דאָך קלאָר זיין פאַר יעדן פּעדאַגאָג, אַז לערנען אַ געגנשטאַנד מיט קינדער האָט

מער צו טאָן מיט דעם אופן ווי קינדער לערנען, איידער מיטן געגנשטאַנד גופא. אָבער לאָמיר דאָס דערווייל אָפּלאָזן אַן אַ זייט. לאָמיר זען צי איז אידיש טאַקע אַזוי פאָנעטיש, ווי מ׳וויל האָבן.

ס׳איז אמת, אַז אין די מערסטע פאַלן שרייבט זיך אידיש פאָנעטיש, אויף אַזוי פיל, ווי שריפט קען בכלל ריכטיק איבערגעבן קלאַנגען. ס׳זיינען אָבער פאַראַן אַ ריי פאַלן, וואָס גייען ארויס פון כלל און ביים אונטעריכט מוז מען זיך רעכענען מיט אַלע פאַלן.

לויט דער פאָנישער סיסטעם וואָלטן מיר געמעגט דערוואַרטן אַז אַזוי שנעל, ווי מיר לערנען קינדער אויס די קלאַנגען וו, וי, נ, ן, ג — וואָלטן זיי געדאַרפט קענען אויסלייגן דאָס וואָרט „וואוינונג“. די ערפאַרונג ווייזט אָבער, אַז די לאַגע איז אַ גאַנץ אַנדערע: קודם־כל וועט מען דאַרפן מאַכן אַ ריי איבונגען אויפן שטומען א׳, און נאָכדעם וועט ערשט דאָס קינד דאַרפן שרייבן דאָס וואָרט און לייענען עס עטלאָכע מאָל, כדי עס זאָל עס ריכטיק קענען. און ווער קען אונז גאַראַנטירן, אַז אויסגעלערנט דאָס וואָרט האָט זיך דאָס קינד ווייל עס האָט געוואוסט די באַזונדערע קלאַנגען און ניט ווייל עס האָט דאָס וואָרט, ווי עפּעס אַ גאַנצע זאַך, באַנוצט עטלאָכע מאָל?

בכלל מאַכן אָט די אָנהענגער אַ טעות, ווען זיי מיינען, אַז די קינדער נעמען איבער אַלץ לויט דעם אופן, ווי מיר דערלאַנגען דאָס זיי. ס׳קען גרייליך געמאָלט זיין, אַז נאָכדעם, ווי מיר האָבן געמאַכט די ערשטע טריט מיטן קינד, זוכט עס זיך שוין אַליין אויס פאַרשידענע וועגן, ווי אויסצולערנען זאַכן, אפילו אומבאַוואוסטזיניק. אַ ביישפּיל איז דער פאַל, ווען קינדער פאַרמאַכן די אויגן, ווען זיי ווילן עפּעס אויפשרייבן, כדי צו זען דאָס וואָרט. אַנדערע קינדער פאַרמאַכן די אויגן און „לאָזן“ די האַנט אַליין אייפשרייבן דאָס וואָרט. אַ גענויע אונטערזוכונג וואָלט אונז בכלל

באַוויזן, אַז די קינדער זיינען גאָרניט אַזויפיל אָפּהענגיק אָן אונ־זעען מעטאָדן, אַז זיי בויען זיך אויף אייגענע.

זיכער איז, אַז די אויסנאַמען, וואָס מיר ברענגען דאָ ווייטער, האָבן זיך די קינדער ניט אויסלערנען לייענען און ניט שרייבן על־פּי ריינע פאָנעטישע איבונגען. דעם קינדס זכרון שפּילט דער־ביי ניט קיין קלענערע ראָלע, ווי דאָס בילד פון וואָרט, דער שייכות אין וועלכן ס׳געפינט זיך אין זאַץ, א. אז. וו.

## פאַלן פון ניט פאָנעטישן אויסלייג

1) שטומער א׳ אָנהייב וואָרט און מיטן וואָרט (אונזער. וואונדער) ;

2) שטומער א׳ צווישן צוויי וואָקאַלן (פּייאיק) ;

3) דער העברייאישער עלעמענט ;

4) די דיפטאָנגען עי (יי) און אַי (יי). אין דער פרעסע ווערן פאַר זיי ניט באַנוצט קיין דיאַקריטישע צייכנס ;

5) אַזעלכע ווערטער, ווי : איד, אינגל ; אויף, ביי און זייע־רע אויסבילדונגען ;

6) ווערטער מיט ב, ג, ד, ז, פאַר ס׳ און ט׳ (ליבט, ליבסט. רעדט, בלאָזט) ;

7) אַזעלכע ווערטער, ווי : אַבסטאַרקט, אַבסאָלוט, א. אז. וו.

8) דער ע׳ נאָך נג׳ און נק׳ און מ־ן (ברענגען, דענקען. נעמען ; קינדער שרייבן ס׳רוב אָן דעם ע) ;

9) ע׳ און אַ׳ פאַר נג און נק (קינדער שרייבן אָפט בריינג. דיינק, ביינק, א. אז. וו.) ;

10) דער קלאַנג צ (ווערט אָפט פאַרביטן מיט טס ; קינדער שרייבן טס אנשטאָט ץ און פאַרקערט) ;

11) אהער דאַרפן אויך צוגערעכנט ווערן די שלוס־אותיות ד, ז, ם, ף, ץ און די פאַרשידענע דיאַלעקטישע אָפּווייכונגען פון דער ליטעראַרישער שפּראַך.

אָט די אַלע אויסגערעכנטע פאַלן, און ס׳זיינען זיכער פאַראַן

נאָך אַזעלכע, קען מען ניט באַהערשן אַ דאַנק פּאַנישע איבונגען. איבערהויפּט איז דאָס אמת וועגן שרייבן אין אונזערע שולן. אין יעדער פון די אידישע שולן אין אַמעריקע ווערן גערעדט כּמעט אַלע דיאַלעקטן און ווען דאָס אויסלייגן וואָלט נאָכגעקומען אַט די דיאַלעקטן, וואָלטן די לערער אַליין מסתמא ניט געקענט איבער־לייענען, וואָס די קינדער שרייבן. אפילו לאַגיש־אָרגאַניזירטע כּללים וועלן ווינציק־וואָס העלפן, אויב ס'וועט דערביי ניט זיין אַ לענ־גערע פּראַקטיק מיט גאַנצע ווערטער.

ב) קינדער דאַרפן לייענען באַוואוסטזיניק: אַ דאַנק דער פּאַנישער אונטעריכט־מעטאָדע, ווייזן אַן די אַנהענגער אירע, הייבן די קינדער גלייך אָן לייענען באַוואוסטזיניק, ד. ה.: זיי זעען דאָס גאַנצע וואָרט דורך די צוזאַמענשטעלנדיקע עלעמענטן און קענען אויף אַזאַ אופן איבערלייענען אפילו אַזעלכע מאַטע־ריאַלן, וואָס קומען ניט אַריין אין די ספּעציעלע איבונגען.

אַנגענומען אפילו, אַז דאָס איז טאַקע אַזוי, און אין דעם פּרט איך נאָך דאָ אַסך, וואָס דאַרף ערשט באַוויזן ווערן, קען דאָס נאָך אַלץ ניט זיין קיין גענוגנדיקער מאָטיוו פאַרוואָס די פּאַנישע סיס־טעם זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן, ווי דער יסוד פון אונטעריכט. אַז מ'קען קינדער אויסלערנען לייענען דורך דער מעטאָדע, דעריין איז ניטאָ קיין ספק. ס'איז אָבער אַ גרויסער ספק, צי די מעטאָדע דאַרף זיין דער יסוד אין דער אַרבעט, ווען מיר גייען אַרויס פון שטאַנדפּונקט, אַז אַלץ וואָס מיר טוען אין שול דאַרף זיין ער־ציעריש און אין הסכם מיט די אַלגעמיינע געזעצן פון דעם לערן־פּראָצעס ביי קינדער. און ווי נאָר מיר שטעלן זיך אויף דעם שטאַנדפּונקט מוזן מיר די מעטאָדע גלייך פאַרוואַרפן, מחמת זי אַנטהאַלט אין זיך ניט קיין ברייטע ערציערישע עלעמענטן און גייט להיפּוך צו די געזעצן פון לערן־פּראָצעס ביי קינדער.

ס'איז שוין פריער אָנגעוויזן געוואָרן אויפן פאַקט, אַז וואו נאָר פּאַנישע איבונגען ווערן אַוועקגעשטעלט, ווי אַ יסוד, ליידט

דערביי דאָס גאַנצע לייען־מאַטעריאַל. חדשים נאָכאַנאַנד שפּייזט זיך דאָס קינד אויף ספּעציעל־צוגעשניטענע זאַצן און מעשה'לאַך. וואָס האָבן נאָר איין צוועק: איבער'חזר'ן די געלערנטע קלאַנגען און זיי וואָס שטאַרקער איינקריצן אין קינדס זיכרון. די דאָזיקע זאַצן און מעשה'לאַך גיבן דעם קינד גאָרניט, וואָס זאָל אים העלפן גייסטיק וואַקסן, לייענען נייע געדאַנקען; און פּונקט אַזוי ווייניק, וואָס זאָל אים פּשוט אָ נ ר ײ צ ן, אַ מ ו ז י ר ן, פ ר י י ל א ך מ א כ ן. דער דאָזיקער מאָמענט פירט אויך צו אַסך אַנדערע רעזולטאַטן, למשל: די דיסציפּלין פראַגע אין קלאַס. ניט זייענדיק פאַראינטערעסירט אין דער אַרבעט, און דאָס מאַטעריאַל איז אַ גרויסער פאַקטאָר אין ארויסרופן, אָדער דערשטיקן דעם אינטערעס ביי קינדער, מוז דער לערער באַנוצן דיסציפּלינאַרע מיטלען, כדי אַנצופירן די לעקציע. אַנשטאָט דאָס מאַטעריאַל, די טעטיקייט זאָל דיסציפּלינירן די קינדער, פאַלט די אַרבעט אויפן לערער. די אויפמערקזאַמקייט ווערט שוין איצטער אַן ארויפגעצוואונגענע, אויב אַזאַ זאַך איז מעגלאַך.

און וויכטיקער נאָך, די פאָנישע סיסטעם צווינגט די קינדער צו לערנען זיך לייענען אַנדערש, ווי זיי לערנען זיך אויס דערקענען אַנדערע זאַכן אין זייער סביבה. און כדי צו דערקענען זאַכן אין דער סביבה הייבט מען ניט אָן מיט די דעטאַלן, מיט די קאָנסטיטואירנדיקע עלעמענטן פון דער זאַך, נאָר פון דער זאַך אַליין, איבערלאָזנדיק דעם איבערגאַנג צו די באַזונדערע עלעמענטן צו די קינדער אַליין.

לאָמיר נעמען אַ ביישפּיל:

מיר ווילן אויסלערנען דאָס קינד דערקענען דאָס בילד פון אַ הויז. ווי הייבן מיר אָן די אַרבעט? נאַטירלאַך מיט גאַנצן בילד פון הויז מיט אַמאָל, און ניט מיט די טירן באַזונדער, פענסטער, שטיגן, ווענט, א. אז. וו. ווייל ערשטנס, זיינען די אַלע זאַכן באַזונדער ניט דאָס הויז, און צווייטנס, וואָלט ביים קינד

זיך קיינמאָל ניט איינגעשאַפּן דער באַזונדערער באַגריף „הויז“. ניט טראַכטנדיק וועגן די דעטאַלן.

קינדער הייבן אָן לערנען גאַנצע זאַכן, און נאַטירלאַך אַזוי: ערשט נאָך אַ ריי ערפאַרונגען און אָבסערוואַציעס הייבן זיי אָן צו באַמערקן, פּונקט ווי די דערוואַקסענע, די באַזונדערע עלעמענטן. און דאָס דאַזיקע געזעץ איז גילטיק בנוגע אַלץ, צי ווען זיי לער־נען זיך דערקענען דאָס בילד פון אַ הויז, אַ פערד, אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ קרוב, אָדער דאָס בילד פון אַ וואָרט. אַלץ איז פאַר׳ן קינד אַ בילד, אַ סימבאָל, וואָס האָט אַ גאַנץ באַשטימטע באַטייטונג. צעטיילט איר דאָס בילד אויף באַזונדערע עלעמענטן, הערט עס אויף ארויסצורופן וועלכן ס׳איז באַגריף אין קינדס פאַרשטאַנד.

פאַרן קינדס אויג שטייט קודם־כל דאָס וואָרט, אַ גאַנצער זאַץ און גאָר לכתחילה — מסתמא די גאַנצע געדרוקטע זייט. אונ־זאַץ, אָדער וואָרט, נאָכדעם ווי ס׳איז דערמיט באַקאַנט. און די דאַזיקע אונטערשיידן און ענלאַכקייטן קומען צום קינד אָן אונזער הילף. עס באַמערקט זיי אַליין, אומדירעקטערהייט.

לערנט, אַ שטייגער, אוים אַ קינד איבערלייענען, אָדער נאָכ־זאָגן, די פאָלגנדיקע סטראָפע:

איינס — אַט שטייט ער,
צוויי — אַט גייט ער,
דריי — אַט נעמט ער לויפן שנעל —

ס׳איז העכסט וואַרשיינלאַך, אַז דאָס קינד וועט פריער פון אַלץ זען די דריי שורות צוזאַמען, און אויף אַ נעפּלהאַפטן אופן — געוויסע באַזונדערע טיילן. איינציקווייז וועלן זיך געוויסע ווער־טער אויסטיילן שאַרפער און דאָס קינד וועט זיי לייכטער דער־קענען, ווי אַנדערע. צוערשט מסתמא די ענלאַכקייטן: דריי מאָל דאָס וואָרט „אַט“, דריי מאָל „ער“, דערנאָך אפשר: איינס, צוויי, דריי, א. אז. וו. און אויפן זעלבן אופן וועט עס מסתמא איינציק־

ווייז באַמערקן, אַז דאָס וואָרט „ער“ האָט צוויי טײלן, צוויי ביל־
דער, אַז ע׳ און אַ ר׳, אָפּגערעדט דערפון, וועט זיין אויפמערקזאַמ־
קייט ווערט געצויגן דערצו.

און ניט נאָר גייט די פאָנישע סיסטעם להיפוך צו דער פּסי־
כאָלאָגיע פון לערנען ביי קינדער, נאָר זי פירט אויך צו שלעכטע
לייען־און שרייב־געוואוינהייטן, וואָס רופן זיך שלעכט אָפּ אויף
זייער באַלדיקער און ווייטערדיקער אַרבעט.

אָנהייבנדיק מיט די עלעמענטאַרע קלאַנגען פון וואָרט, גע־
וויינט זיך דאָס אויג שנעל צו זען ב ל ו י ז באַזונדערע אותיות.
און ווען ס׳קומט צום לייענען פּאַסירט, אַז אַנשטאָט איבערלייענען
דאָס וואָרט, מיט איין „גאַנג“ פון אויג, שטעלט זיך דאָס קינד אָפּ
אויף יעדן אות באַזונדער און פּרובירט אַזוי אַרום צוזאַמענשטעלן
דאָס וואָרט. יעדער לערער ווייס עדות זאָגן אויף דער דאָזיקער
ערפאַרונג. דאָס לייענען אין קלאַס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ מין
קלאַנגען־צוזאַמענשטעלונג. דאָס קינד גיט זיך מער ניט אָפּ מיטן
אינהאַלט פון דעם געלייענטן; זיין גאַנצע קאָנצענטראַציע ליגט
אין דער ריכטונג פון טעכניק.

ענלאַך דערצו איז די לאַגע ביים שרייבן: אַנשטאָט אויפ־
שרייבן אַ וואָרט, שרייבט מען צוערשט איין קלאַנג, דערנאָך אַ
צווייטן, ביז ס׳גאַנצע וואָרט איז צוזאַמענגעשטעלט. יעדער לערער
האָט מסתמא באַמערקט, ווי אַזוי קינדער לייגן צוערשט אויס
קלאַנגענווייז דאָס וואָרט פאַר זיך און דערנאָך שרייבן זיי עס
אויף. אַזאַ פּראָצעדורע, סיי ביים לייענען, סיי ביים שרייבן, איז
אָבער אומנאַטירלאַך, ווען מיר גייען אַרויס פון שטאַנדפּונקט,
אַז אַ וואָרט איז אַ וואָרט און ניט קיין צעטיילטע קלאַנגען און אַז
קינדער דאַרפן זיך לערנען לייענען און שרייבן, אַזוי ווי דער־
וואַקסענע טוען: און דערוואַקסענע לייענען קיינמאָל ניט קלאַנ־
גנווייז און שרייבן אויך ניט אַזוי.

3. **די פּאַנישע סיסטעם, ווי אַ הילפס-מיטל:** סאַי צוליב די אויסגערעכנטע מאָטיוון און סאַי צוליב אַנדערע אויף וועלכע מיר קענען זיך מער ניט אָפּשטעלן קען די פּאַנישע סיסטעם ניט באַנוצט ווערן, ווי דער באַזיס פון אונטעריכט. זי פאַרוואַנדלט די אַרבעט אין ריינע מעכאַנישע איבונגען, אַדאַנק וועלכע עס גייט פאַרלאָרן די הנאָה פון פליסיק לייענען און די נייטיקע אויפמערקזאַמקייט, וואָס דאַרף געשאַנקען ווערן דער'עיקר דעם אינהאַלט. *לייענען און איבונגען זיך צו לערנען לייענען* ווערן אַזוי אַרום די זעלבע זאַך, בשעת זיי האָבן געדאַרפט זיין צוויי גאַנץ באַזונדערע טעטיקייטן.

ווייל איבונגען, מעכאַנישע פּראַקטיק, איז נייטיק פאַר דעם פליסיקן לייענען. די איבונגען דאַרפן אָבער דינען בלויז ווי אַ הילפס־מיטל צו דעם לייענען. שפּילן באַל איז איין זאַך און זיך לערנען שפּילן, איבן זיך, צוגרייטן זיך צום שפּיל, איז אינגאַנצן עפּעס אַנדערש. מאַכן איבונגען אין לייענען,, צוגרייטן זיך מיט אַ בעסערער קענטשאַפט פון קלאַנגען, זילבן און ווערטער דאַרף זיין אַ נייטיקער טייל פון דער אַרבעט אין קלאַס, אָבער בלויז, ווי צוגרייטונגס־אַרבעט זאָל דאָס באַטראַכט ווערן, ווי אַ הילפס־אַרבעט, סאַי מצד דעם לערער און סאַי מצד די קינדער.

אָט פאַר דער הילפס־אַרבעט זיינען פּאַנישע איבונגען נייטיק. אין דעם ברענגט זי די געהעריקע נוצן און ווען זי ווערט אַזוי גענוצט, שאַפט זיך ביי די קינדער דער ריכטיקער באַגריף פון איבונגען און לייענען.

4. **די זאַץ און וואָרט מעטאָדע:** מיר וועלן זיך נישט אָפּשטעלן מער אויף די צוויי מעטאָדן פון אונטעריכט, מחמת זיי ווערן סאַי־ווי ניט גענוצט אין די אידישע טעקסטביכער, הגם מיר געפינען צווישן אונזערע לערער אַזעלכע, וואָס באַנוצן זיך מיט איינער פון די צוויי, אָדער מיט געוויסע טיילן פון יעדער. איינס דאַרף אָבער געזאָגט ווערן: הגם אָט די מעטאָדן זיינען

פּסיכאָלאָגיש זייער אויסגעהאַלטן, אַנהייבנדיק מיט אַן איינציק בילד (איין וואָרט), אָדער מיט אַ קאָמבינירט בילד (דער זאַץ) און דערפון גייען זיי צוריק צום אַנאַליז פון די באַזונדערע עלע־מענטן, זיינען זיי אָבער ניט פּאַסיק פאַר אונזערע שולן פון שטאַנד־פּונקט פון ערציאונג, פון געבן די קינדער ליטעראַרישע שאַפונ־גען און ניט אויסגעטראַכטע ווערטער און זאַצן, וואָס גיבן זעלטן די קינדער אפילו פּשוטע נייע אינפאָרמאַציעס, אָפּגערעדט שוין פון אַ צענטראַלן סוזשעט, וואָס פירט זיי אומדירעקט אַדורך פאַר־שידענע נייע ערפאַרונגען. כאָטש דער לערער האָט שוין דאָ די מעגלאַכקייט זיך צו באַשעפטיקן מיט געדאַנקען אינגאַנצן אויס־געדריקט, פונדעסטוועגן איז אויך די אַרבעט פּעלערהאַפטיק דער־מיט, וואָס די דאָזיקע געדאַנקען זיינען קיינמאָל ניט פאַרבונדן צווישן זיך אויף אַ נאַטירלאַך־מעשה'דיקן אופן. די צוויי סיסטע־מען זיינען, נאַטירלאַך, אַ גרויסער שריט ווייטער פון דער פאָני־שער סיסטעם. אָבער פּונקט, ווי די לעצטע, דאַרפן מיר זיי באַנוצן בלויז ווי הילפס־מיטלען, אָבער בשום אופן ניט, ווי דער גרונט־באַזיס פון אונטעריכט.

5. די קאָמבינירטע מעטאָדע: די קאָמבינירטע מעטאָ־דע, אָדער די עקלעקטישע, ווי זי ווערט אויסגעאַרבעט אין צוויי פון די דערמאָנטע אידישע טעקסטביכער, איז אַ סיסטעם, וואָס פאַרבינדט די פאָנישע מעטאָדע מיט דער זאַץ־מעטאָדע און שאַפט אַ קינסטלאַכע פאַרבינדונג צווישן די נייע קלאַנגען מיט די זאַצן. דער אויסגאַנגס־פּונקט אָבער איז: די פאָנישע מעטאָדע, ווי דער יסוד פון לייענ־אונטעריכט, אויסנוצנדיק די צוזאַמענגעבונדענע זאַצן, ווי (א) אַ הילף צו די פאָנישע איבונגען און (ב) ווי אַ סאָרט „צוקערלעקעכל“, וואָס זאָל אַנהאַלטן דעם אינטערעס פון די קינדער. אָבער היות, ווי די הויפּטאויפמערקזאַמקייט ווערט געשאַנקען די פאָנישע איבונגען און יענע טיילן פון די זאַץ־מעשה'־לאַך, וואו די איבונגען קומען פאָר, רעדוצירט זיך די גאַנצע טע־

טוּקייט סאַי־ווי צו ריינער פּאַנישער אַרבעט. דאָס לייענען איז אַן איבונגס־אַרבעט פון דעם מעכאַנישן מין און די הנאה פון לייענען אַ זאַך און פאַרשטיין איז דערביי אויך ניטאָ. ערשטנס ווייל די קינדער האָבן אין זין די מעכאַנישקייט פון דער אַרבעט און איר שענקען זיי די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט; און צווייטנס, ווייל די איבונגס־זאַצן אַנטהאַלטן אונטער די בעסטע אומשטאַנדן ניט קיין פאַראינטערעסירנדיקן מאַטעריאַל.

6. **די מעשה-מעטאָדע:** פון דעם, וואָס איז געזאָגט געוואָרן ביז אַהער, איז קלאָר, אַז כדי צו באַפרידיקן סאַי אונזערע ערציערישע צילן און סאַי דעם אופן, ווי קינדער נעמען אויף נייע זאַכן, וואָלטן מיר געדאַרפט באַנוצן אַ מעטאָדע, וואָס ליגט ניט איר הויפּט־געוויכט אויף מעכאַנישע איבונגען און וואָס נוצט ניט פאַר די לייען־מאַטעריאַלן קיין אויסגעטראַכטע זאַצן.

די דאָזיקע צוויי מעלות געפינען מיר אין דער אַזוי־גערופענער מעשה־מעטאָדע, וואָס ווערט באַנוצט אין אונזער אַרבעט. דער גרונט־יסוד פון דער אַרבעט ליגט אין דעם מעשה'לע, אָדער לידל, וואָס די קינדער לערנען זיך אויס, און פון דעם מעשה'לע גייען מיר איבער צו די פאַרשידענע איבונגען, וואָס זיינען נויטיק אינם אונטעריכט פון לייענען, כדי צו פאַרפעסטיקן די ידיעות, וואָס די קינדער שאַפן זיך אליין איין אומבאַוואוסטזיניקערהייט. די דאָזיקע איבונגען קומען תמיד נ אָ כ ד ע ם , ווי די קינדער קענען און פאַרשטיין דאָס מעשה'לע, אָדער לידל, און אַזוי אַרום ווערט געשאַפן די געהעריקע באַציאונג צו דער אַרבעט: מ י ר ל ע ר נ ע ן מ ע ש ה ' ל א ך , אָבער כדי צו קענען בעסער לייענען אָט די מעשה'לאַך, לערנען מיר באַזונדערע קלאַנגען, ווערטער, א. אז. וו.

דאָס איז די עקלעקטישע מעטאָדע. נאָר גענוצט אויף אַ פאַרקערטן אופן, ווי איז די דערמאָנטע טעקסטביכער: אָנשטאָט אָנ־

הייבן מיט די קלאַנגען און אויף זיי לייגן די הויפּטגעוויכט, הייבן מיר אָן מיט דעם מעשה׳לע און קומען אויף אַ נאַטירלאַכן אופן צו די קלאַנגען. די טעכנישע דורכפירונג פון דער מעטאָדע, קען אויסגעדריקט ווערן אויף אַזאַ אופן:

א) קינדער לערנען זיך אוים אַ מעשה׳לע;

ב) קינדער לערנען זיך אוים דערקענען זאַצן;

ג) קינדער לערנען זיך אוים דערקענען ווערטער;

ד) קינדער דערקענען באַזונדערע קלאַנגען.

ווי ס׳איז צו זען, באַנוצט זיך די דאָזיקע מעשה־מעטאָדע מיט אַלע מעטאָדן, מחמת מיר קענען ניט און דאַרפן ניט לערנען דוקא בלויז דורך דער, אָדער יענער מעטאָדע. דאָס מענטשלאַכע לערנען, די מענטשלאַכע דערקענטעניש, פליסט ניט דורך איין קאַנאַל, נאָר דורך אַ גאַנצער מענגע קאַנאַלן. מיר דאַרפן נאָכפאָלגן אָט די אופנים פון דערקענטעניש, ווען מיר לערנען מיט קינדער; פאַר־פעסטיקן די נייטיקע ידיעות דורך מער, ווי איין אופן. אָבער די אַלטע מיטלען און אופנים פון אונטעריכט דאַרפן זיך דרייען אַרום איין צענטער — די מעשה׳לע, וואָס אינטערעסירט און דערציט דאָס קינד.

# דער העברייאישער עלעמענט

1. דער העברייאישער עלעמענט דאַרף ניט אויסגעשלאָסן ווערן פון ערשטן האַלב-יאָר אַרבעט: ס'איז שוין כמעט געוואָרן אַ טראַדיציע ביי די מחברים פון אידישע לייענביכער (מיט ווינציק אויסנאַמען), אויסצוטיילן דעם לימוד פון העברייאישן עלעמענט אויף אַ באַזונדערער צייט, געוויינטלאַך דאָס צווייטע האַלב־יאָר פון ערשטן שול־יאָר. די הויפּטמאָטיוון דערפאַר זיינען: (א) דער העברייאישער עלעמענט אין אידיש, ווייל עס ווערט פאַר אים גענוצט אַן אַנדערע אָרטאָגראַפיע איז צו שווער פאַר די קינדער; און (ב) דאָס פליסיקע לייענען פון די קינדער וועט פיל געשטערט ווערן, ווען זיי וועלן אין איין צייט נוצן פאַרשידענע באַצייכענונגען פאַר די וואָקאַלן, ווי: אַ און (פתח), ע און (סגול), א. אז. וו. די קינדער ווערן צעמישט און נוצן די העברייאישע נקודות אָנשטאָט די אידישע און פאַרקערט.

די דאָזיקע צוויי מאָטיוון האָבן אין זיך אַסך אמת. אָבער זיי זיינען נאָך ניט גענוג אורזאַכן פאַרוואָס מ'זאָל אויסשליסן דעם העברייאישן עלעמענט פון דעם ערשטן האַלב־יאָר.

א) דער העברייאישער עלעמענט, ווי אַ גאַנצער סכום, איז אַן אָרגאַנישער טייל פון דער אידישער שפּראַך, ווי אַלע אַנדערע עלעמענטן. פּונקט אַזוי, ווי מיר קענען ניט אויסשליסן דעם סלאַווישן עלעמענט, אַזוי קען מען אויך דעם עלעמענט ניט אויסשליסן. ווייל מ'פאַראַרימט דערמיט די שפּראַך פון די קינדער אין לייענען.

ב) דער העברייאישער עלעמענט איז, אמת, שווערער אויסצולערנען לייענען, ווי אַנדערע טיילן פון דער אידישער שפּראַך און שטערט אפשר דאָס פליסיקע לייענען. אָבער פּונקט אַזוי איז דער סלאַווישער עלעמענט שווער. פּונקט אַזוי שווער זיינען ווערטער מיט די קלאַנגען: זש, דזש, יו נאָך קאָנסאָנאַנטן, דער קלאַנג כ (ספּעציעל פאַר אַמעריקאַנער קינדער), א. א. אָבער שווערקייט

פון אַ לימוד דאַרף דאָך ניט פירן צו אַזאַ, אמת דערוויילִיקער, נעגאַטיווער לייזונג: ארויסוואַרפן אים.

ג) ס'קען אָבער גריילאך געמאַלט זיין, אַז די גאַנצע שווער קייט איז ניט מער, ווי אַ פיקציע. קיין גענויע אויספאָרשונגען וועגן דעם האָבן מיר ניט און ס'איז דעריבער גאַנץ מעגלאך, אַז די אויגנשיינלאַכע שווערקייט פון לערנען די איינפאַכערע העברייאי־שע ווערטער אין אידיש נעמט זיך דערפון, וואָס דער עלעמענט איז שטענדיק אויסגעטיילט געוואָרן, ווי אַ באַזונדערער לימוד. מ'פלעגט געבן די קינדער באַזונדערע ווערטער, אָן שייכות צו וועלכער ס'איז פּאַסירונג; אָדער אַזעלכע ווערטער, וואָס די קינ־דער האָבן זיי קיינמאָל ניט געהערט און וועלן זייער זעלטן באַ־געגענען אין זייער שול־ליטעראַטור, ווי צ. ב.: נתעשר ווערן, דער ושתּי, אחשורוש, כלבא שבוע, חשוב, רב שמעון, רב יהושע בן חנניה (!), א. אז. וו. וואָלט מען איינגעשלאָסן דעם העבריי־אישן עלעמענט אין דעם לייענמאַטעריאַל אויף אַ נאַטירלאַכן אופן, און קיין אויסטערלישע ווערטער קענען דאָך ניט אריינקומען אין מעשׂות פאַר קליינע קינדער, וואָלט די גאַנצע שווערקייט פאַר־מיטן געוואָרן. און טאָמער בלייבט עס אַלץ שווער — זאָל מען דאָס מער לערנען.

ד) אָננעמענדיק, אַז פאַרן קינדס אויג איז יעדעס וואָרט אַ בילד און אַז עס דערקענט דאָס וואָרט, ווייל עס שטייט אין שייכות מיט אַנדערע אין זאַץ און שטעלט מיט זיך פאַר אַן אייגנ־אַרטיק בילד, וואָס מ'לייענט עס אַזוי און ניט אַנדערש, איז כּמעט ניט מעגלאך זיך פאַרצושטעלן פאַרוואָס מיר זאָלן דענקען, אַז די ווערטער פון ליסט נומער 2 זיינען שווערער פון ליסט נומער 1 — אַלע ווערטער, וואָס קומען אַריין אין ערשטן האַלב־יאָר אידיש (די אידישע — פון די אויבנדערמאָנטע טעקסטן, די העברייאַי־שע פון אונזער „דאָס ערשטע לייענבוך"):

| ליסט נומער 1 | ליסט נומער 2 |
|---|---|
| פארשפיליען | שבת |
| וואנינונג | חלה |
| זשאלעווען | מורא |
| דזשארדזש | מעשה |
| אומבאהאלפענע | כעס |

ה) די איינציקע מעגלאכע שוועריקייט קען זיך ארויסווייזן ביים שרייבן אסך פון די דאזיקע ווערטער. אבער, ערשטנס האנדלט עס זיך הויפטזאכלאך וועגן לייענען און ניט שרייבן; און, צווייטנס, מיט וואס איז אזא ווארט, ווי „אסך" שווערער צו שרייבן, ווי, לאמיר זאגן, „וואונדער"?

ו) די צאל פון די העברייאישע עלעמענטן, וואס קומען גע־ווינטלאך אריין אין דער קינדער ליטעראטור, איז זייער א קליינע. אזוי, צ. ב. געפינען זיך אינגאנצן וואסערע 25 אזעלכע ווערטער אין ערשטן לייענבוך און וואסערע 110 — אין דעם צווייטן (צו־זאמען א 250 זייטן לעזמאטעריאל), אבער אויסשליסנדיק זיי וואלט געהייסן אוועקנעמען פון די קינדער אזעלכע נייטיקע ווער־טער, וואס ווערן, ווי שוין דערמאנט, פון זיי אליין גענוצט, ווי: אסך, עצה, שבת, חלה, חתן, א. אז. וו.

2. מעטאדיק פון דעם העברייאישן עלעמענט: ארויס־גייענדיק פון דעם שטאנדפונקט, אז דער העברייאישער עלעמענט דארף ניט אויסגעטיילט ווערן, ווי א באזונדער לימוד, בלייבט במילא קיין פלאץ ניט פאר וועלכע ס'איז ספעציעלע מיטלען, וואס זאלן אנגעווענדט ווערן דערביי. דאס איז ניט קיין ספעציעלער לימוד, במילא ניט — קיין ספעציעלע מעטאדיק. אלץ וואס דער לערער טוט פאר דעם אלגעמיינעם אונטעריכט, איז נאטירלאך חל אויף די ווערטער, ווייל זיי זיינען פארבונדן מיט דעם אנדערן לייענשטאף.

עס דארפן אבער גענומען ווערן אין באטראכט די פאלגנדיקע

פונקטן בנוגע דעם העברייאישן עלעמענט אין ערשטן לייענביכל:

א) העברייאישע ווערטער וועלן די קינדער ערשט באַגעגע־נען אין דער מעשה „די זון און די לבנה“ (ז. 44), אחוץ דאָס וואָרט „מעשה“ וואָס קומט פאָר אַנהייב ביכל אין דעם לידל „אמאָל איז געווען אַ הון מיט אַ האָן“.

ב) דאָס וואָרט „מעשה“ אין דעם לידל, וועלן די קינדער קענען איבערלייענען, ווייל זיי וועלן וויסן דאָס לידל אויף אויסנ־ווייניק. בנוגע די אַנדערע ווערטער, וואָס די קינדער וועלן שפּע־טער באַגעגענען, דאַרף דער לערער האַנדלען, ווי מיט אַנדערע שווערע ווערטער: איידער מ׳הייבט אָן לייענען, אויפשרייבן די דאָזיקע ווערטער אויפן ברעט און פאָרלייענען זיי פאַר די קינ־דער; זען צי די קינדער וויסן זייער באַטייטונג און איינפּראַק־טיצירן מיט זיי דאָס איבערלייענען.

ג) די ווערטער, וואָס דער לערער האַלט זיי פאַר וויכטיק צו וויסן, זאָלן די קינדער זיי פאַרשרייבן ביי זיך אין די ביכלאַך, נאָך די פאַרשידענע איבונגען אין לייענען. די איבעריקע ווער־טער, אַזעלכע, ווי: מנהג, אליהו הנביא, פּליטה, א. אז. וו. — דאַרפן ניט צונעמען צופיל אויפמערקזאַמקייט. דער לערער לייענט זיי איבער פאַר די קינדער, ווען נאָר זיי שטעלן צוליב דעם אָפּ דאָס לייענען.

ד) אויף וויפל אַזעלכע העברייאישע ווערטער קענען אריינ־קומען אין דער שריפטלאַכער ארבעט, אויף אַזוי פיל דאַרף דער לערער אַנווייזן די קינדער, ווי זיי צו שרייבן. צי דאָס איז אַ פאַל מיט אַ קינדס נאָמען, צי אַ קינד נעמט אויפשרייבן אַ זאַץ אויפן ברעט, איז נייטיק אים גלייך צו ווייזן די דערוויילן־ריכטיקע פאָרם פון שרייבן אַזעלכע ווערטער. פון שטאַנדפּונקט פון ריכטי־קער געוואוינהייט־פאָרמירונג אויפן ערשטן מאָמענט איז גלייכער, אַז דער לערער זאָל דאָס יעדעס מאָל אַליין שרייבן, ווי ס׳דאַרף צו זיין, איידער לאָזן די קינדער איינמאָל שרייבן פעלערהאַפטיק.

## פאַרבאַרייטונגען צום לייענען

1. דער לימוד פון אידיש: אויסלערנען די קינדער לייע־נען אידיש איז איינע פון די הויפּט עובדא'ס פון אונזערע שולן; און ניט אומזיסט פאַרנעמט די טעטיקייט דאָרטן דעם אויבנאָן: דורך דער קענטעניש פון דער שפּראַך באַקומען די קינדער אַ מעג־לאַכקייט אויף אַ ניט־געשטערטן אופן אַנצוגיין מיט די איבעריקע לימודים אין דער שול (און אונזערע שולן זיינען הערוויל „בוך־שולן") און דער עיקר: דורך דער שפּראַך ווערן די קינדער צו־געצויגן און אריינגעצויגן אין די קולטור־אוצרות פון אונזער פאָלק.

ווי אין אַלע אַנדערע פאַלן, ווערט דער פונדאַמענט פון אָט דער קענטשאַפט געלייגט אין דעם ערשטן יאָר ארבעט, און אַ גאַנץ גרויסער מאָס פון דער ערפאָלג, וואָס די קינדער וועלן שפּעטער מאַכן אין דעם לימוד, איז אָפּהענגיק אָן דעם אופן, ווי דער דאָ־זיקער פונדאַמענט ווערט געלייגט. און ווייל דאָס איז אַזוי, איז עס אונזער חוב זיך גאַנץ ברייט צו באַקענען מיט דעם גאַנצן עניין.

2. צוועק פון לייען-אונטעריכט אין ערשטן קלאַס:
צוליב אַ ריי אורזאַכן, באַוואוסטע און אומבאַוואוסטע, איז דער אונטעריכט אין לייענען אידיש אין ערשטן קלאַס ס'רוב פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מעכאַנישע איבונגען. אָט די רוטינע פלעגט אָנהאַלטן דאָס גאַנצע ערשטע יאָר: די ערשטע 4—5 חדשים האָט מען גע'חזר'ט אידיש אָן דעם העברייאישן עלעמענט און אין די שפּעטערע חדשים — מיט דעם העברייאישן עלעמענט. ווי ס'איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן, איז די ליטעראַטור פאַר דעם ערשטן יאָר ספּעציעל צוגעפּאַסט געוואָרן צו די דאָזיקע מעכאַנישע איבונגען. די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן, און ווערט נאָך איצטער געטאָן, מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז דער צוועק פון לייענען אין ערשטן קלאַס דאַרף זיין: צוגרייטן די קינדער צו דער ליטעראַ־טור פון די שפּעטערדיקע קלאַסן. צוליב דעם דאַרפן די קינדער

אין ערשטן קלאַס אַדורכמאַכן אַלערליי איבונגען, וואָס מ׳קען נאָר באַגעגענען אין דער שפּראַך, אַזוי אַז ווען זיי וועלן אָנהייבן דאָס לייענען ממש, וועלן זיי מער ניט באַגעגענען קיין טעכנישע שוועריקייטן.

אַז די קינדער דאַרפֿן באַהערשן די טעכניק פֿון עלעמענטאַרן לייענען שוין דאָס ערשטע יאָר און אַז צוליב דעם איז וויכטיק גלייך לכתחילה אָפּגעבן דערויף גענוג צייט, אַז דאָס איז און דאַרף אַזוי זיין, קען ביי קיינעם ניט אַרויסרופֿן קיין ספק. ניט מער, דערביי באַגייט מען אַ טאָפּלטן ערציערישן־פּעדאַגאָגישן פֿעלער: די טעכניק ווערט אין די קינדערס אויגן ד ע ר ע י ק ר פֿון דער אַרבעט און במילא ווערט ניט ערצויגן ביי זיי די געוואוינהייט אַז לייענען מיינט: פ אַ ר ש ט י י ן ד ע ם א י נ ה אַ ל ט, ל י י ע נ ע ן ג ע ד אַ נ ק ע ן.

בלויז די גאָר ערשטע צייט פֿון די דאָזיקע איבונגען איז אינטערעסאַנט פֿאַר די קינדער, ווייל זיי האָבן אַן אינסטינקטיוון אינטערעס צו יעדער נייקייט, וואָס זי זאָל ניט זיין. ווי נאָר אָבער זיי דערשמעקן אַביסל די דאָזיקע אַרבעט, ווערט זייער הייסער אינטערעס ממש אויסגעשניטן פֿון זייערע הערצער און דאָס „לייענען" פֿאַרוואַנדלט זיך אין וואָס נאָר איר ווילט, אָבער ניט אין לייענען צוליב פֿאַרשטיין עפּעס נייעס.

דער גאַנצער סטאַנדאַרט פֿון אַרבעט אין ערשטן קלאַס מוז געענדערט און אויפֿגעהויבן ווערן. די קינדער דאַרפֿן שוין דאָ באַקומען דאָס בעסטע פֿון דער ליטעראַטור און שפּראַך, וואָס זיי קענען נאָר באַנעמען. אַלץ וואָס ווערט דאָ געטאָן דאַרף, אמת, זיין אַ צוגרייטונג, אָבער פֿון אַזאַ סאָרט וואָס באַפּרידיקט ש ו י ן די קינדער מיט עפּעס, דאָס לייענען אַריינגערעכנט.

דער צוועק דאַרף זיין דאָס ערשטע יאָר, ווי אַלע אַנדערע יאָרן: לייענען צוליב אינהאַלט. די טעכניק טאָר קיינמאָל ניט ווערן קיין עיקר, נאָר אַ מיטל.

3. **די צוגרייטונג צום לייענען:** ס׳קען נאַטירלאַך קיין רייד ניט זיין פון לייענען געדאַנקען, אָדער לייענען צוליב׳ן אינ־האַלט גלייך פון אָנהייב, ווען די קינדער קענען נאָך ניט לייענען. די גאַנצע אַרבעט מוז פון אָנהייב געפירט ווערן אויף אויסנווייניק: לייענען (הערן) מעשות, שפּילן, לידער, א. אַז. וו. פון דער טעטיקייט אויף אויסנווייניק דאַרף מען בהדרגה איבערגיין צו דער טעטיקייט אין בוך. די קינדער דאַרפן וויסן, אַז ,זיי זיינען נאָך ניט גרייט אַליין צו לייענען, אַז זיי דאַרפן זיך דערצו צו־גרייטן. ,

ס׳קען דעריבער קיין רייד ניט זיין וועגן געבן די קינדער ביכער גלייך ביי דער ערשטער לעקציע — זיי קענען נאָך די ביכער ניט באַנוצן, און מיר טאָרן ניט אַנטוויקלען ביי זיי דעם געדאַנק און די באַציאונג, אַז אַ בוך מיינט: קלאַנגען, זילבן, א. ד. ג. מיר דאַרפן אַזוי אָנפירן די אַרבעט, אַז די קינדער זאָלן אַרויסקוקן אויפן מאָמענט, ווען זיי וועלן שוין קענען עפּעס אין בוך, אַז זיי דאַרפן זיך דערצו צוגרייטן. אַזוי אַרום וועלן זיי זיך איינזאַפּן אַ געהעריקע באַציאונג צו טעכניק, צו אי־בונגען, און צו לייענען, צום בוך.

די אַרבעט אויף אויסנווייניק דאַרף אויסגענוצט ווערן, ווי אַ צוגרייטונג צו דער אַרבעט אין בוך. צוליב דעם ווערט דאָ רעק־קאָמענדירט די פאָלגנדיקע פּראָצעדורע פאַר דער אַרבעט די ער־שטע צייט:

א) די ערשטע דריי־פיר וואָכן דאַרף מען די קינדער ניט געבן קיין ביכער צו לייענען; אין משך פון דער צייט דאַרפן די קינדער וויסן, אַז מ׳גרייט זיך צו צו לייענען פון ביכער.

ב) די גאַנצע צייט דאַרף אָפּגעגעבן ווערן (1) דערציילן מעשות (לערער און קינדער), (2) שמועסן וועגן די מעשות און אַנדערע פּאַסירונגען, (3) שפּילן (פאַר פאַרווייל־ונגען און שפּראַך־

קענטעניש), (4) דראַמאַטיזאַציע, (5) לידער אויף אויסנווייניק, און (6) פאָנישע איבונגען.

ג) די אַלע מאַטעריאַלן דאַרף דער לערער אויסנוצן צו לערנען די קינדער לייענען און שרייבן אידיש.

1) מעשיות: דערציילן מעשות דאַרף פאַרנעמען זייער אַן אַנגעזען אָרט אין ערשטן קלאַס. דורך די מעשות פירט דער לערער צו די קינדער צו יענע גייסטיקע רייכטימער צו וועלכע די קינדער האָבן נאָך קיין צוטריט דערוויילן, ווייל זיי קענען נאָך אַליין ניט לייענען מיט הנאה. די מעשה שאַפט אויך סביבה אין קלאַס, א ליבטיקע אַטמאָספערע און א חבר׳שע באַציאונג מצד די קינ־דער צום לערער.

די דאָזיקע מעשות דאַרפן זיין לייכט אין אינהאַלט און אינ־טערעסאַנט אין פאָרם. דאָס ערשטע איז אָפּהענגיק אַן לערערס געשמאַק ביים אויסוואַל און דאָס צווייטע — אַן זיין פייאיקייט צו דערציילן אויף אַן אינטערעסאַנטן אופן. וואָס דער לערער דאַרף איבערהויפּט געדענקען איז: ניט נוצן קיין שווערע ווערטער און אידיאָמען, סיידן ער האָט זיי פריער דערקלערט; ניט דער־ציילן שנעל: זיין באַוועגלאַך און אויסדרוקספול; אַליין קענען גוט דעם סוזשעט פון דער מעשה אויף אויסנווייניק און ניט אָפּ־שטעלן זיך אין דערמיט פון דערציילן, כדי צו שטעלן די קינדער פראַגעס, אָדער עפּעס דערקלערן.

2) שמועסן: מעשות האָבן אין זיך גרויסע מעגלאַכקייטן פון סטימולירן די געדאַנקען און געפילן ביי די קינדער. דער לע־רער דאַרף פּרובירן די דאָזיקע געדאַנקען און געפילן סאָציאַליזירן. ארויסברענגען זיי פאַרן גאַנצן קלאַס. דאָס קען געטאָן ווערן דורך פאַרשידענע פראַגעס וועגן דעם אינהאַלט, וועגן די האַנדלונגען פון די העלדן און באַזונדערס דאַן, ווען אין דער מעשה קומען פאָר מענטשלאַכע קאָנפליקטן; דער לערער דאַרף דאָ זיין דער אָנפי־

ריער, דער סטימולירער, אָבער ביי קיין פאַל ניט דער, וואָס רעדט פאַר די קינדער.

שמועסן וועגן מעשות דאַרפן אָנגעפירט ווערן ניט גלייך נאָך דער מעשה. בעסער איז — אַ טאָג שפּעטער, כדי לאָזן די קינדער אַליין קומען צו געוויסע באַשלוסן, לאָזן זיי גייסטיק פאַרדייען די פּאַסירונג. וועגן יענע מעשות, וואָס זיינען אויגנשיינלאַך קלאָר פאַר די קינדער (דאָס איז ס'רוב דער פאַל ביי קאָמישע, אָדער פלוידער־מעשות), דאַרף מען נאַטירלאַך קיין שמועסן ניט פירן, מחמת דער שמועס וועט צו גאָרניט פירן, וויבאַלד די קינדער אַליין שטויסן זיך ניט אָן אָן קיין פּראָבלעמען, אָדער פראַגעס.

3) **שפּילן:** קיין שול־טעטיקייט שאַפט ניט אַזוי פיל גע־זעלשאַפטלאַכקייט צווישן די קינדער און לערער, ווי שפּילן. דורך קיין אַנדער מיטל קענען מיר ניט אויסלערנען די קינדער אַזוי־פיל און אַזוי גיך, ווי דורך שפּיל. אין קיין זאַך זיינען זיי ניט אַזוי פאַרינטערעסירט, ווי אין שפּיל. דאָ זיינען זיי אַקטיוו, שאַ־פער און — קינדער.

דער לערער דאַרף זען אָפּגעבן גענוג צייט פאַר דער טעטי־קייט, ווייל ניט נאָר ווען די קינדער גלאַט שפּילן, נאָר דער לערער וועט דורך די שפּילן קומען אויך צו אַנדערע, אין פלוג צופעליקע, אָבער דאָך גאַנץ וויכטיקע רעזולטאַטן. די קינדער וועלן זיך לערנען אידיש, באַרייכערן זייער שפּראַך און דורך די שפּילן — פירן זיי צו אַנדערע טעטיקייטן.

אין אַלץ דאַרף איינגעפלאָכטן ווערן דער עלעמענט פון שפּיל, פון פרייקייט, אפילו אין די שמועסן.

שפּילן מיט די קינדער קען מען שטענדיק, ווען מ'איז אויפ־געליגט דערצו. סיסטעמאַטיש שפּילן איז בעסער נאָך אַלע טע־טיקייטן אין קלאַס, סוף לעקציע. דער לערער דאַרף אָבער זען, אַז דאָס זאָל ניט טראָגן קיין פאָרמעלן כאַראַקטער און ניט אויס־

נוצן די שפּילן, ווי „צוקערלאַד“, כדי די קינדער זאָלן טאָן עפּעס אַנדערש.

ווענן דראַמאַטיזירן די מעשות, זעט דאָס קאַפּיטל איבער מינדלאַכער קאָמפּאָזיציע.

4) לידער אויף אויסנווייניק: ווי אַ פּאַרבאַרייטונג צו דער לייען־אַרבעט שפּעטער אין די ביכער, דאַרף דער לערער זען, אַז אין משך פון די ערשטע עטלאַכע וואָכן זאָלן זיך די קינדער אויסלערנען אַ ריי לידער, אָדער גראַמען, אויף אויסנווייניק. פאַר דעם צוועק זאָל דער לערער נוצן די ערשטע לידלאַך פון דעם ערשטן לייענבוך. די דאָזיקע לידלאַך וועלן די קינדער לערנען מיט פאַרגעניגן, ווייל זיי זיינען אַלע קורצע און אינטערעסאַנט אין אינהאַלט.

דער אופן פון אויסלערנען די לידלאַך אויף אויסנווייניק, דאַרף זיין אַזאַ:

א) דער לערער דעקלאַמירט דאָס לידל פאַר די קינדער;
ב) די קינדער דערציילן דעם אינהאַלט פון לידל;
ג) לערער דערקלערט שווערע, אָדער נייע, ווערטער, און ווען אַלץ איז קלאָר, דעקלאַמירט ער דאָס נאָכאַמאָל;
ד) לערער שרייבט אויף דאָס לידל אויפ'ן ברעט;
ה) קינדער לערנען דאָס לידל קאָלעקטיוו און באַזונדער, לייענענדיק פון ברעט.

די רעפּעטיציעס פון לידל דאַרפן יעדעס מאָל וואַריאירט ווערן: אַלע צוזאַמען, באַזונדערע קינדער אויף די ערטער, דעקלאַמירט פאַרנט פון קלאַס, א. אז. וו.

ס'איז ניט ראַטזאַם צופיל זיך אָפּצושטעלן אויף דער איינ'חזר'ונג אין זעלבן טאָג. לאָזט עפּעס איבער פאַרן פאַרהער דאָס קומענדיקע מאָל.

לערנען אויף אויסנווייניק זאָל מען תמיד דאָס גאַנצע ליד

און ניט טיילנווייז, אזוי אז פארן קינד זאל שטענדיק שטיין דאס גאנצע בילד פון לידל.

ווען די קינדער קענען שוין מער אדער ווינציקער דאס לידל אויף אויסנווייניק, דארף דער לערער צוטרעטן צו לערנען די קינדער עם איבערלייענען, צוערשט דאס גאנצע לידל, דערנאך זאצן און צום סוף געוויסע ווערטער.

5) פאנישע איבונגען: כדי צו דערגרייכן וואס בעסערע רעזולטאטן אין דעם זעלשטענדיקן לייענען מצד די קינדער, איז נייטיק אז א געוויסער טייל פון דער צוגרייטונגס־ארבעט זאל אפגעגעבן ווערן פאר פאנישע איבונגען, דורך וועלכע די קינדער זאלן זיך אויסלערנען דערקענען די באזונדערע עלעמענטן פון א ווארט. ס׳איז ניט נייטיק זיך לענגער אפצושטעלן אויף דעם, וואס מיר האבן כסדר אנגעוויזן אויף אן אנדער ארט, אז די דאזיקע איבונגען טארן ניט פארוואנדלט ווערן אין דעם איינציקן יסוד פאר דעם אונטערריכט אין לייענען, נאר דארפן דינען, ווי הילפס־מיטלען צו אט דער ארבעט. לערנענדיק זיך לייענען גאנצע זאכן מיטאמאל, וועלן די מערסטע קינדער, אפילו גלייך נאך דער ערשטער לעקציע, באמערקן, אז געוויסע אותיות האבן אומעטום דעם זעלבן קלאנג; איבערהויפט איז דאס אמת ווען יענע אותיות, וואס חזר׳ן זיך אפט איבער אין דער זעלבער זאך. דעם לערערס עובדא דערביי איז: די דאזיקע ידיעות, וואס די קינדער שאפן זיך איין אומדירעקט, צו סיסטעמאטיזירן און קאנטראלירן.

די דאזיקע פאנישע איבונגען דארף דער לערער דורכפירן נאכדעם, ווי די קינדער האבן זיך שוין אויסגעלערנט דאס לידל אויף אויסנווייניק און קענען שוין דערקענען געוויסע גאנצע שורות און א ריי ווערטער. די פאנישע איבונגען דארפן זיך באציען אויף אט די ווערטער איבערהויפט.

דער לערער דארף אויך צוגרייטן, די קינדער אזוי, אז זיי זאלן פארשטיין ווען וואס דא האנדלט זיך. אנאליזירן ווערטער

לויט קלאַנגען איז פּאָר זיי אַ נייע זאַך און אָפּט אַ גאַנץ שווע־
רע מחמת זיי הערן ניט קיין באַזונדערע קלאַנגען אין רעדן, נאָר
גאַנצע זאַצן, אָדער ווערטער. די קינדער וועלן זיך אויפן בעסטן
אופן אויסלערנען אַט די אַרבעט, ווען דער לערער זאָל עטלאַכע
מאָל אַדורכפירן מיט די קינדער די שפּיל „טיש און שטול". די
שפּיל איז די:

לערער: לאָמיר זען, קינדער, ווער פון אונז קען אַ סך אי־
דישע ווערטער. אָבער, זאָגט מיר פריער: מיט וואָס ענדיקט
זיך דאָס וואָרט „שיף"? (לערער זאָל איבער׳חזר׳ן דאָס וואָרט
נאָכאַמאָל אויב ער באַקומט ניט גלייך קיין ענטפער און שטאַרק
אַקצענטירן דעם לעצטן קלאַנג).

אַ קינד: מיט אַ פ (בלויז קלאַנגען דאַרפן אָנגעגעבן ווערן,
ניט די נעמען).

לערער: מיט וואָס הייבט זיך אָן דאָס וואָרט: „שיף"?

אַ קינד: ש.

לערער: מיט וואָס ענדיקט זיך „פיש"? „שטול"? (און
אַ ריי אַנדערע ווערטער, וואָס הייבן זיך אָן מיטן לעצטן קלאַנג
פון פריערדיקן וואָרט).

לערער: איצטער וועלן מיר טאָן אַזוי: איך וועל אָנ־
רופן אַ וואָרט און איר וועט מיר דאַרפן געבן אַ וואָרט, וואָס
הייבט זיך אָן מיט דעם לעצטן אות (בוכשטאַב, קלאַנג, לעטער).
פון מיין וואָרט. מיין וואָרט איז „שטול". ווען קען מיר געבן
אַ וואָרט, וואָס הייבט זיך אָן מיט „ל"?

אַ קינד: לאַד.

לערער: „לאַד" איז ריכטיק. „לאַד" ענדיקט זיך מיט ד.
ווער קען מיר געבן אַ וואָרט, וואָס הייבט זיך אָן מיט ד׳?

אַ קינד: כאַפּ!

לערער: „כאַפּ" איז ריכטיק. ווער קען מיר געבן אַ וואָרט,
וואָס הייבט זיך אָן מיט פּ׳? און אַזוי כסדר מיט אַ ריי אַנדערע

ווערטער און קלאַנגען, ביז די קינדער קענען די זאַך גוט אויפֿכאַפּן.

די זעלבע שפּיל קען וואַריאירט ווערן, נוצן, למשל, די אָנהייבקלאַנגען, אַנשטאָט די לעצטע.

ווען קינדער קענען שוין אויף אויסווייניק אַנאַליזירן געוויסע קלאַנגען, הייבט דער לערער אָן די אַרבעט אויפֿן ברעט.

דאָס גאַנצע לידל דאַרף זיין אויפגעשריבן אויפן ברעט און די איבונגען דאַרפן געמאַכט ווערן צוערשט אויף יענע ווערטער וואָס די קינדער קענען און דערנאָך — אויף נייע.

מ'דאַרף ניט פון אָנהייב אַנאַליזירן אַלע קלאַנגען פון אַ וואָרט. דער לערער דאַרף ביי זיך אויסאַרבעטן אַ סדר לויט וועלכן די קלאַנגען זאָלן שטודירט ווערן. ווען די קינדער זיינען שוין אין דער זאַך אַ ביסל באַהאַוונט, קען מען אַנאַליזירן דאָס גאַנצע וואָרט.

מ'קען נוצן דעם פאָלגנדיקן סדר פאַר די פאָנישע איבונגען. דער דאָזיקער סדר איז ניט קיין צופעליקער. ער שטיצט זיך אויף אַן אַנאַליז און קלאַסיפיקאַציע פון די קלאַנגען פון אַלע לידלאַך פון ערשטן לייענבוך. דער דאָזיקער אַנאַליז האָט אונז באַוויזן, אַז געוויסע אותיות באַגעגנט דאָס קינד (אין די לידער) מער, ווי אַנדערע. דערפון איז קלאָר געוואָרן, אַז לערנען דאַרף פריער דאָס קינד די קלאַנגען, וואָס עס באַגעגנט אָפטער און וואָס וועלן במילא זיך בעסער איינקריצן אין זכרון. דער אַנאַליז באַוויזט, אַז

| | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| דער | קלאַנג | ע | קומט | פאַר | 280 | מאָל | אין | די | לידלאַך ; |
| " | " | י | " | " | 218 | " | " | " | " |
| " | " | ן | " | " | 168 | " | " | " | " |
| " | " | ר | " | " | 157 | " | " | " | " |
| " | " | ט | " | " | 142 | " | " | " | " |

| | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| דער | קלאנג | אַ | קומט | פאַר | 134 | מאָל | אין | די | לידלאך. |
| " | " | ל | " | " | 122 | " | " | " | " |
| " | " | אָ | " | " | 114 | " | " | " | " |
| " | " | ר | " | " | 114 | " | " | " | " |
| " | " | וו | " | " | 101 | " | " | " | " |
| " | " | נ | " | " | 87 | " | " | " | " |
| " | " | ס | " | " | 80 | " | " | " | " |
| " | " | ק | " | " | 78 | " | " | " | " |
| " | " | ז | " | " | 76 | " | " | " | " |
| " | " | ן | " | " | 73 | " | " | " | " |
| " | " | ג | " | " | 68 | " | " | " | " |
| " | " | ב | " | " | 66 | " | " | " | " |
| " | " | יי (עי) | " | " | 62 | " | " | " | " |
| " | " | מ | " | " | 59 | " | " | " | " |
| " | " | ש | " | " | 53 | " | " | " | " |
| " | " | פּ | " | " | 46 | " | " | " | " |
| " | " | פֿ | " | " | 41 | " | " | " | " |
| " | " | ד | " | " | 37 | " | " | " | " |
| " | " | ה | " | " | 29 | " | " | " | " |
| " | " | יי (אַי) | " | " | 29 | " | " | " | " |
| " | " | צ | " | " | 28 | " | " | " | " |
| " | " | ף | " | " | 21 | " | " | " | " |
| " | " | וי | " | " | 17 | " | " | " | " |
| " | " | כ | " | " | 9 | " | " | " | " |
| " | " | ץ | " | " | 5 | " | " | " | " |
| " | " | ב | " | " | 4 | " | " | " | " |

צוזאַמען האָבן מיר דאָ 31 באַזונדערע לייען־סימבאָלן, וואָס די קינדער דאַרפן לערנען. פאַראַן זיינען אין אידיש וואָסערע 50

לייען־סימבאָלן, אָבער אויף די איבעריקע איז ניט נייטיק זיך אָפּצו־
שטעלן אין אָנהייב פון דער אַרבעט. ערשטנס, וועט זיי דאָס
קינד כמעט ווי ניט באַגעגנען אין די לייען־מאַטעריאַלן. און
צווייטנס, קען מען זיך אויף זיי אָפּשטעלן נאָכדעם, ווי די עלע־
מענטאַרע קלאַנגען ווערן פון די קינדער באַהערשט. אויף די
אַנדערע קלאַנגען קען זיך דער לערער אָפּשטעלן לויט פאָלגנדיקן
סדר: טש, זש, יע, יאַ, דזש, ת, ת (טאָוו), יו, יוי.
אַו, אָו, ווייכער ל און נ, כ (קאָוו), ב (וו), ש (סין), שטומער א
און מעגלאַך נאָך אַנדערע. איבונגען אויף די דאָזיקע קלאַנגען
דאַרפן, פאַרשטייט זיך, קומען אין שייכות צו באַשטימטע לייען־
מאַטעריאַלן.

נאָכדעם ווי די קינדער קענען שוין דאָס ערשטע לידל, קען
דער לערער, למשל, מאַכן מיט זיי די איבונגען אויף ע', ר' און
ט', לאָזנדיק דעם ו' און י' אויף אַזאַ לידל, וואו זיי ווערן אָפּ־
טער איבערגע'חזר'ט: איבונג אויף י' אין פאַרבינדונג מיטן לידל
„ווער איז דאָס קינד“: איבונג אויף ז' אין פאַרבינדונג מיטן
לידל „זיצן, זיצן, זיבן מייז“, און אַזוי כסדר.

ס'איז ניט כדאי צו מאַכן ספּעציעלע פאָנישע איבונגען מיטן
שטומען א'. ערשטנס, און דער עיקר דערפאַר, ווייל דער אות
האָט נישט קיין קלאַנג אויף וועלכן מ'קען די קינדער אָנווייזן
און במילא קענען דערביי ניט זיין קיין איבונגען. און צווייטנס,
ווייל די קינדער וועלן פון פּראַקטיק אַליין איינזען, אַז דער אות
איז שטום. נאָך אַ לענגערער פּראַקטיק, קען דער לערער זיך דערויף
אָפּשטעלן. ענלאַך דערצו דאַרף זיין די פּראָצעדור בנוגע יי „צירה“
און יי „פּתח“: די קינדער וועלן אַליין דערגיין די ראָלע
פון דעם וואָקאַל פון לייענען גאַנצע ווערטער און זאַצן. אויב זיי
וועלן בכלל דערקענען דאָס וואָרט, פייגל, בייגל, הייזער, מיינער.
א. אַ. איבערהויפּט ווען זיי קומען אין שייכות צו אַ גאַנצן זאַץ.

# קאָמפּאָזיציע דאָס ערשטע יאָר

1. די אַנטוויקלונג פון אויסדרוק-מעגלאַכקייטן בא די קינדער: איינע פון די עיקר־אויפגאַבן פון אונעזר שול־אַרבעט איז: דורך פאַרשידענע טעטיקייטן ערמעגלאַכן די אַנטוויקלונג און באַרייכערונג פון געדאַנקען ביי די קינדער. די מעשות, וואָס ס'ווערן פאָרגעלייענט און דערציילט, די שמועסן, וואָס ס'ווערן דורכגעפירט און די אַנדערע ערפאַרונגען, וואָס די קינדער מאַכן אַדורך אין דער שול און אויסער דער שול, זיינען געהעריקע מאַטעריאַלן פאַר דער באַרייכערונג פון די געדאַנקען ביי די קינדער.

ניט ווייניקער וויכטיק זיינען די מעגלאַכקייטן, וואָס די קינדער דאַרפן באַקומען, כדי זיי זאָלן די געדאַנקען געהעריק אָרגאַניזירן און זיי ריכטיק אויסדריקן. דאָס קענען מיר צום בעסטן דערגרייכן דורך דער אָרגאַניזירטער און סיסטעמאַטישער קאָמפּאָזיציע־אַרבעט, וואָס איר ציל איז: איבערגעבן אַנדערע, אין שריפט און אין וואָרט, די אָנגעזאַמלטע געדאַנקען. בשעת בנוגע דער באַרייכערונג פון די קינדער'ס געדאַנקען האָבן אונזערע שולן שוין פיל דערגרייכט, זיינען זיי אָבער הינטערשטעליק בנוגע די מעגלאַכקייטן, וואָס זיי גיבן די קינדער די געדאַנקען אויסצודריקן אויף אַ אָרגאַניזירטן אופן.

די דאָזיקע אַרבעט ווערט אין די שולן דורכגעפירט אויף צוויי אופנים: דורך שריפטלאַכער און דורך מינדלאַכער קאָמפּאָזיציע. אָבער פונקט אַזוי ווי די שולן גיבן אָפּ מער ענערגיע אויף ־ער באַרייכערונג פון די געדאַנקען, איידער פאַר זייער אויסדרוק, פונקט אַזוי גייט מען אָפּ מער צייט און ענערגיע אויף שריפטלאַכער קאָמפּאָזיציע, איידער אויף מינדלאַכער, הגם דאָס וואָלט געדאַרפט זיין פאַרקערט, באַזונדערס אין די ערשטע יאָרן פון דער שול אַרבעט. דאָס נעמט זיך מן הסתם דערפון, וואָס די שולן האַלטן זיך נאָך אין דער אַלטער פּעדאַגאָגישער טראַדיציע, אַז דאָס קינד דאַרף זיין אַ פּאַסיווער אויפנעמער פון דעם, וואָס דאָס

בוך זאָגט און דער לערער הייסט, אַז דאָס קינד איז אַ ליידיקע כלי אין וועלכע מ'דאַרף „אַריינגיסן וויסן און געפילן".

אַז די מינדלאַכע קאָמפּאָזיציע וואָלט געדאַרפט פאַרנעמען מער אָרט און צייט, איידער די שריפטלאַכע, איז קלאָר צוליב אַסך טעמים:

א) דעם קינד קומט אויס מער צו ר ע ד ן צו אַנדערע ווי צו ש ר י י ב ן און ס'דאַרף זיין די עובדא פון דער שול צו זען, אַז דאָס קינד זאָל קענען גוט און פּליסיק רעדן די שפּראַך:

ב) גוט קענען שרייבן, מיט'ן אַקצענט אויפן ט ע כ נ י ש ן שרייבן, איז תמיד אָפּהענגיק אַז קענען גוט רעדן און ניט פאַר־קערט:

ג) קינדער וואָס קענען בעסער רעדן די שפּראַך, קענען אויך בעסער לייענען און שרייבן;

ד) ווען קינדער רעדן, קענען מיר בעסער קאָנטראָלירן און אויסבעסערן זייערע געדאַנקען און זייערע שפּראַך־געוואוינהייטן. ווי אין שרייבן:

ה) קינדער האָבן ליב אינסטינקטיוו צו רעדן, דעבאַטירן און הערן אַנדערע דאָס טאָן;

ו) דורך מינדלאַכער קאָמפּאָזיציע קענען מיר איינשאַפן אין זיי ריכטיקע געוואוינהייטן פון רעדן צו אַנדערע, באַציען זיך שיין צו יענעמס רייד, געדולד יענעם אויסצוהערן, א. אז. וו.:

ז) מינדלאַכע קאָמפּאָזיציע שאַפט די מעגלאַכקייט פאַר סאָ־ציאַלער סביבה און סאָציאַלן אויסטויש פון געדאַנקען;

ח) די אַלע וויכטיקע אַנטוויקלונגס־מעגלאַכקייטן וואָלטן דערשטיקט געוואָרן אין קינד, ווען עס זאָל בלויז זיין אָפּהענגיק אַן שרייבן; איבערהויפּט איז דאָס אמת, ווען מיר רעדן וועגן די אינגערע קינדער, וואָס פאַרמאָגן נאָך ניט אפילו די עלעמענטאַרע טעכניק פון שרייבן.

די שריפטלאַכע אַרבעט דאַרף אָבער פאַרנעמען איר פּלאַץ

פון דעם ערשטען מאָמענט, ווען דאָס קינד איז גרייט דערצו. מיר טאָרן ניט נתפּעל ווערן פאַר דער מינדלאַכער קאָמפּאָזיציע, און באַגיין די זעלבע עולה, אויף אַ פאַרקערטן אופן, ווי די אַלטע שול: קאָנצענטרירן אַלע כוחות אויף איין ענין און פאַרנאַכ־לעסיקן, באַוואוּסטזיניק, צי ניט, די איבעריקע. היות, ווי די קינדער וועלן דאָך דאַרפן קענען שרייבן, צי צוליב דער שפּעטער־דיקער אַרבעט אין שול, צי צוליב זייער אַרבעט ווען אויפגעוואַקסן, איז נייטיק אָנצוהייבן גלייך פון ערשטן יאָר.

2) שריפטלאַכע אַרבעט דאָס ערשטע יאָר: אין וואָס דאַרף באַשטיין די שריפטלאַכע אַרבעט אין דעם ערשטן קלאַס פון דורכשניטלאַכע אָנפאַנגער? אויף דעם איז זייער שווער צו ענטפערן מיט וועלכע ס'איז דעפיניטקייט. מיר פאַרמאָגן דערווייל ניט קיין אָנגענומענע נאָרמען פאַר קיין לימוד, שרייבן אַריינגע־רעכנט. די אָנגענומענע סטאַנדאַרטן, אויב אַזעלכע זיינען פאַראַן ביי פאַרשידענע לערער, שטיצן זיכער ס'רוב אויף אייגענער פּראַק־טיק און ניט אויף אַלזייטיק אויספּרובירטע מעגלאַכקייטן. ס'קען גריילאַך געמאָלט זיין, אַז די אַרבעט, וואָס ווערט געטאָן אין שרייבן מיט די אָנפאַנגער אונזערע איז דער מאַקסימום, וואָס מ'קען מיט זיי אויפטאָן: אָבער ס'קען פּונקט אַזוי זיין אמת, אַז אונזער סטאַנדאַרד איז אַ צו נידעריקער. וואָס ס'זאָל אָבער ניט זיין דער פאַל, איז נייטיק, אַז די שריפטלאַכע אַרבעט, וואָס ווערט יאָ געטאָן, זאָל דורכגעפירט ווערן סיסטעמאַטישער און באַ־וואוּסטזיניקער מצד די לערער.

די שריפטלאַכע אַרבעט דאָס ערשטע יאָר דאַרף, נאָך אונזער מיינונג נאָך, באַשטיין אין פאָלגנדיקע טעטיקייטן:

א) אויסלערנען די קינדער שרייבן דעם אידישן א"ב;
ב) אויסלערנען די קינדער שרייבן אַ שיינע האַנטשריפט;
ג) אויסלערנען די קינדער אויסלייגן די לייכטערע ווערטער;
ד) שריפטלאַכע קאָמפּאָזיציע.

זאָל דאָ גלייך באַמערקט ווערן, אַז די פאַרגעשלאָגענע פונקטן שטעלן מיט זיך לחלוטין ניט פאָר קיין רעקאָמענדירטן סדר, אַז צוערשט דאַרף קומען פונקט א׳, דערנאָך — ב׳, און אַזוי ביז ד׳, פּראַקטיק פאַר שיינע האַנטשריפט קען זיך אַנהייבן, איידער מ׳קען אַלע אותיות שרייבן, און אָנשרייבן אַ קליין בריוועלע איז מעגלאַך אַפילו דאַן, ווען מ׳האָט ניט קיין שיינע האַנטשריפט.

א) אויסלערנען שרייבן דעם א״ב: אונטער דעם ווערט פאַרשטאַנען דער פּשוטער פּראָצעס פון קענען טעכניש שרייבן די פאַרשידענע אותיות פון דער אידישער שפּראַך. די דאַזיקע אותיות דאַרפן די קינדער ריכטיק און קלאָר שרייבן אין דעם ערשטן האַלב־יאָר (6 חדשים) און ס׳איז באמת ניט שווער פאַר קינדער זיך דאָס אויסצולערנען. אינגאַנצן זיינען פאַראַן 27 בוכשטאַבן. וואָס דאָס קינד דאַרף זיך אויסלערנען. און ווען דער לערער וואָלט זיך אָפּגעבן מיט אַ צוויי נייע בוכשטאַבן יעדע וואָך, וואָלטן די קינ־דער זיי געקענט שרייבן אַסך פריער, ווי סוף דאָס ערשטע האַלב־יאָר.

ס׳מוז פאַרשטאַנען ווערן פון יעדן לערער, אַז מיר לערנען ניט גלאַט קיין אותיות. די דערמאָנטע אַרבעט דאַרפן די קינדער באַהערשן ניט דורך שרייבן באַזונדערע אותיות און חזר׳ן זיי אָבער און ווידער, נאָר דורך שרייבן ממש, ווי: קאָפּירן נייע פערזן פון שרייב־ברעט, שרייבן זייערע נעמען, בריוולאַך, א. אַז. וו. אָבער כדי די קינדער זאָלן, ווי געהעריק קענען שרייבן די פערזן, בריוולאַך א. א. איז נייטיק, אַז די לערער זאָלן סאַי דירעקט און סאַי אומדירעקט אָנווייזן די קינדער די ריכטיקע פאָרם פון שרייבן. דער פרינציפּ ביי דער אַרבעט דאַרף זיין: אין זין האָבן, ווי אַז עיקר, דאָס שרייבן צוליב אויסדריקן עפּעס, וואָס אינטערעסירט די קינדער. אויף וויפיל די קינדער וועלן זיך אויסלערנען שרייבן די אותיות אויף דעם דאַזיקן אומדירעקטן אופן, וועט דאָס זיין אַ רעזולטאַט פון זייער אייגענער באַאָבאַכטונג און ערפאַרונג. מיר

קענען זיך אָבער ניט צופיל פאַרלאָזן דערויף, מחמת די קינדער, זייענדיק פאַראינטערעסירט אין דער גאַנצער זאַך (אין דאָס איז אַ גרויסע מעלה), גיבן זיי זיך ווינציק אָפּ צי זיי שרייבן די אותיות ריכטיק, צי ניט. אין משך פון אַ קורצער צייט, קען זיך דער לע־רער כאַפּן, אַז אַסך פון זיינע קינדער האָבן זיך איינגעשאַפּן ניט ריכטיקע געוואוינהייטן ביים שרייבן די אותיות און זיין ארבעט וועט איצטער זיין אַ צווייענדיקע: פון איין זייט צעברעכן די שלעכטע געוואוינהייט און פון דער צווייטער — איינוואָרצלען אַ בעסערע אויף איר אָרט.

וואָס פאַר אַ מעטאָדע דער לערער זאָל ניט אויסנוצן, כדי אויסצולערנען די אָנפאַנגער שרייבן דעם אידישן א״ב, דאַרף ער אַלץ זען, אַז סאַי די אותיות, וואָס ער שרייבט און סאַי די וואָס די קינדער שרייבן, זאָלן זיין גרויס. ערשטנס, זיינען נאָך די קינדערס פינגער־מוסקלען ניט אינגאַנצן אַנטוויקלט, אַז זיי זאָלן קענען מאַכן, אָדער נאָכמאַכן די אַלע דינע און דעליקאַטע שטריכן פון א״ב; און צווייטנס, זעען זיי נאָך ניט די פאַרשידענע דינע צייכנס. שרייבנדיק גרויס, באַקומט די האַנט פון איין זייט די מעג־לאַכקייט פאַר ברייטערע אויספירונגען פון די שטריכן און דאָס אויג באַמערקט זיי גיכער. ס'איז דעריבער ראַטזאַם צו נוצן וואָס אָפטער דאָס שרייב־ברעט, אָדער אַזאַ ליניִרט פּאַפּיר, וואו די ליניעס זיינען ווייט אָפּגערוקט איינס פון ס'אַנדערע.

דער לערער דאַרף אויך גלייך נעמען פון אָנהייב אָנווייזן די קינדער, אַז מ'שרייבט פון רעכטס צו לינקס, סאַי די אותיות בכלל, און סאַי באַזונדערע אותיות, וואָס באַשטייען פון עטלאַכע שטריכן. דער „א“, למשל, ווערט געשריבן אַזוי: צוערשט דאָס האַלבע רע־דעלע און דערנאָך דער ווערטיקאַלער שטריך (ס'רוב קינדער, וואָס דערגייען דערצו פון אייגענער ערפאַרונג, האָבן אַ נייגונג צו שרייבן פאַרקערט).

ענלאַך דערצו דאַרף דער לערער בהדרגה איינשטעלן די ריכטי־

קע געוואוינהייט ביים אנהייבן שרייבן א געווים אות, אדער בע־סער, ביים דורכפירן דעם ערשטן שטריך פון אן אות. די אידישע אותיות ווערן געשריבן פון רעכטס צו לינקס, לינקס צו רעכטס, פון אויבן אראפ און פון אונטן ארויף. פונקט ווי די קינדער גע־וויינען זיך גאנץ שנעל צו צו פירן די ערשטע שטריכן פון די אותיות פארקערט, אזוי קענען מיר זיי לייכט צוגעוואוינען צו דער ריכטיקער פארם.

בנוגע דעם אנהייב שרייבן פון אות, ווערן זיי איינגעטיילט אזוי:

פון רעכטס צו לינקס: א, ע, ס;
פון לינקס צו רעכטס: ב, ד, ה, כ, פ, ר, ם, ת, ק;
פון אויבן אראפ: ג, ז, וו, ך, צ, י, מ. נ, ק, ן.
פון אונטן ארויף: ש, ט, ל, ץ, ף.

די געוואוינהייט פון ריכטיק שרייבן די אותיות קען פיל פאר־שטארקט ווערן, ווען דער נאמען פון אות ווערט, בשעת'ן שרייבן, אסאציאירט מיטן שרייבן גופא. בשעת דער לערער ווייזט די קינדער א געווים אות, קען ער גלייכצייטיק אנרופן דעם נאמען פון אות און לאזן די קינדער עס שרייבן. פון איין זייט וועלן די שטריכן פון אות פארבונדן ווערן מיט א קאנקרעטן נאמען און פון דער צווייטער זייט — וועט דאס די קינדער פיל העלפן אין דער שפעטערדיקער ארבעט.

ב) **האנטשריפט**: אז מ'שרייבט דארף מען ניט נארשרייבן ריכטיק, נאר אויך שיין. מיר דארפן דעריבער זען, אז פון אנהייב אן זאלן די קינדער זיך צוגעוויינען צו א שיינער און קלארער האנטשריפט. ס'איז שוין אבער אויבן אנגעוויזן געווארן, אז די אויספירונג פון די דינע און דעליקאטע שטריכן אין די אותיות איז אנהענגיק אן דער אנטוויקלונג פון די פינגער־מוסקלען און פון דער גאנצער האנט און אן דער שארפקייט פון דער ראיה ביי די קינדער. דאס איז א מאמענט, וואס מ'קען אים ניט איבעריאגן

דורך איבונגען אליין. דער לערער מוז האבן געדולד און א גרויסע מאס פון דער ארבעט איבערלאזן צו דער צייט.

אויף וויפיל איבונגען העלפן דא. דארפן די איבונגען פאר שיינער האנטשריפט געמאכט ווערן אין א באזונדער צייט. בשעת דאס קינד לערנט זיך שרייבן זיין נאמען, ארער אן אות, דארף זיין גאנצע קאנצענטראציע אפגעגעבן ווערן בלויז אויף דעם; און פארקערט, ווען מיר ווילן אז די קינדער זאלן זיך לערנען שיין שרייבן, דארף זייער גאנצע אויפמערקזאמקייט געווענדט ווערן אויף דער האנטשריפט און ניט אויף עפעס אנדערש.

די דאזיקע איבונגען קענען געמאכט ווערן אויף באזונדערע אותיות, אדער אויף גאנצע ווערטער, אדער זאצן. באזונדערע אי־בונגען דארפן געמאכט ווערן נאר דאן, ווען די קינדער באגעגענען שוועריקייטן מיט געוויסע אותיות, ווי צ. ב. דער ץ, ף, א. א.

איבונגען פאר שיינער האנטשריפט דארפן צוערשט געמאכט ווערן אויף פאפיר אן ליניעס. די ליניעס באגרעניצן דעם פרייען „פיר" מיט דער האנט און די קינדער שטעלן זיך סאי־ווי ביי זיי ניט אפ. ווען זיי טוען דאס יא, איז דאס אות געוויינטלאך ניט אויס־געהאלטן אין די פראפאריצעס. איינציקווייז דארף מען איבערגיין צו פאפיר מיט איינציקע ליניעס, אדער ברייטע טאפלטע ליניעס, און דערנאך צו די שמעלערע.

א גרויסע הילף צו שרייבן שיין איז: לאזן די קינדער שרייבן „אין דער לופטן". דער לערער שרייבט אן אויפן ברעט אזא אות, וואס די קינדער שרייבן נאך ניט שיין, און די קינדער מאכן דאס נאך אין דער לופטן. נאך א ריי איבונגען אין דער לופטן, קען מען איבערגיין צום פאפיר, אדער ברעט.

א שטארקער סטימול פאר שיינער האנטשריפט איז: אויס־הענגען אין קלאס מוסטערן פון שיינער האנטשריפט. נאך בעסער ווי דאס איז: לאזן יעדעס קינד באהאלטן די ערשטע פראבן פון

האנטשריפט און דאָס פאַרגלייכן מיט די שפּעטערדיקע דערגרייכונגען.

דער לערער דאַרף אָבער בכלל זען ניט צופיל צו עקספּלואַטירן אַט די אַרבעט. באַזונדערס דאַרף מען געדענקען, אַז אונזערע שול־בענקלאַך זיינען געוואַלטיק ניט צוגעפּאַסט צו אַזעלכע איבונגען. מערסטנטייל זיינען די קינדער געצוואונגען צו האַלטן בלויז אַ טייל פון דער האַנט אויפן טיש; די האַנט, ווי אַ גאַנצע, ענגט אַראָפּ און דאָס פאַראורזאַכט אַ שנעלע איינמידונג איבערהויפּט אין די פינגער. פאַר אַ באַקוועמערער פּאָזיציע, וואָלטן די קינדער געדאַרפט האָבן די מעגלאַכקייט צו האַלטן די גאַנצע רעכטע האַנט, ביזן עלנבויגן, אויפן טיש און אַ טייל פון דער לינקער האַנט ביי דעם פּאַפּיר אויף וועלכן מ'שרייבט.

יונגע קינדער גרייפן געוויינטלאַך אָן דעם בלייפעדער מיט אַ שטאַרקער קראַפט און האַלטן אים אַזוי ביים שרייבן. דאָס, נאַטירלאַך, שטערט פיל די פרייקייט פון דער האַנט און במילא קען דאָס קינד ניט נאָכמאַכן די אותיות ווי געהעריק. דער לערער דאַרף די קינדער אָפּגעוויינען דערפון גלייך פון אָנהייב דורך ביישפּילן פון זיך אליין און אַנדערע קינדער.

נאָך אַ מאָמענט, וואָס שטערט אונזערע קינדער אין זייער אַרבעט ביים שרייבן איז: די הייך פון די שול־טישלאַך. זיבן יאָריקע קינדער שרייבן געוויינטלאַך ביי די זעלבע טישלאַך, ווי די 12—13 יאָריקע. אָסך מאָל זיינען די בענקלאַך אַזוי הויך, אַז די יונגע קינדער דערגרייכן ניט דעם דיל מיט זייערע פיס און די טישלאַך זיינען אַזוי הויך, אַז זיי מוזן אַרויפּציען דעם קאָפּ און אָרימס, כדי ווי ס'איז צו שרייבן. מיט די עלטערע קינדער איז די געשיכטע פאַרקערט: זיי מוזן זיך אַרונטערלאָזן צו די טישלאַך און ס'קומט זיי כמעט אויס צו שרייבן אויף זייערע קני. די טישלאַך דאַרפן דערגרייכן ביזן העלפט קערפּער כדי די אָרימס זאָלן דאָרטן רוען און דער קערפּער זאָל זיך קענען גע־

פינען אין א גלייכער פּאָזיציע. פיל בעסער, ווי די דאָזיקע שול־טישלאַד וואָלטן געווען געוויינטלאַכע טישן, נאָר צוגעפּאַסט צו דעם וואוקס פון די קינדער °).

ג) אויסלייגן אידיש: ניט ווינציקער וויכטיק פון לערנען די קינדער שרייבן דעם א״ב און שיינע האַנטשריפט איז: אויסלערנען די קינדער אויסלייגן. און וויכטיק איז דאָס פאַרן קינד אליין: ווייל וואָס שנעלער עס באַהערשט די דאָזיקע טעכניק, אלץ שנעלער קען עס זיך אָפּגעבן מיט דעם פּראָצעס פון אויסדריקן די געדאַנקען. אויס דעם זעלבן טעם איז דאָס ניט ווינציקער וויכטיק פאַרן לערער.

די דאָזיקע אַרבעט דאַרף זיך אָנהייבן פון ערשטן יאָר אָן, ווייל שוין אין דער צייט אַנטשטייען אין דער שול־אַרבעט מאָמענטן, ווען דאָס קינד וויל, אָדער דאַרף קענען שרייבן זעלבשטענדיק. מיר דאַרפן דעריבער פון איין זייט זיי צוגרייטן דערצו און פון דער צווייטער זייט — אויסנוצן די דאָזיקע מאָמענטן פאַר דער אַרבעט.

א גרויסע מאָס פון דער אַרבעט קענען מיר איבערלאָזן צו די קינדער אליין, צו דעם אומדירעקטן אופן פון לערנען אויסלייגן, צום ווינציקסטנס דאַרף דאָס אזוי זיין די ערשטע צייט. אבער נאָכדעם ווי די קינדער האָבן דורך אייגענער ערפאַרונג זיך אויסגעלערענט שרייבן א היפּשע צאָל ווערטער, דאַרף אַריינקומען דעם לערערס קאָנטראָל איבער דעם, הויפּטזאַכלאַך דערפאַר, כדי די קינדער זאָלן זיך ניט איינשאַפן שלעכטע געוואוינהייטן אין אויסלייגן.

סיסטעמאַטישע אונטעריכט אין אויסלייגן דאַרף זיך אָנהייבן דאַן, ווען די קינדער באַגעגענען שוועריקייטן, ד. ה.: זיי דאַרפן

---

°) וועגן עניין האַנטשריפט זע:
Frank E. Freeman: The Psych. of the Comm. Branches. ch. I.

זיך באַנוצן מיט געוויסע ווערטער און קענען זיי ניט אויפשרייבן, אָדער שרייבן זיי פעלערהאַפטיק. דאָס קען פּאַרקומען נאָר דעמאָלט, ווען די קינדער טוען זעלבשטענדיקע שריפטלאַכע אַרבעט. א שטייגער: ענטפער שריפטלאַך אויף פראַגעס וועגן געלייענטן מאַטעריאַל, איבערדערציילן דעם אינהאַלט פון א לידל, א. אז. וו. אָבער ניט פריער. לערנען קינדער אויסלייגן ווערטער פריער, איידער זיי שרייבן אַליין עפּעס א גאַנצע זאַך, וואָלט געהייסן מאַכן פון אויסלייגן א באַזונדער לימוד, וואָס האָט ניט קיין ערציערישן ווערט, מחמת מ'לייגט ניט אויס קיין ווערטער פאַר זיך אַליין.

ארויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט געפינען מיר, אז ס׳ס־טעמאַטישער אונטעריכט אין אויסלייגן, דיקטאַטן למשל, דאַרף זיך אָנהייבן ערשט דאָס צווייטע האַלב־יאָר, ווען די קינדער דאַרפן אַליין שוין עפּעס אָנשרייבן. אין דעם ערשטן האַלב־יאָר דאַרפן זיך די קינדער פאַרנעמען מיט אָראָפּשרייבן פון ברעט פערזן פון נייע לידער, בריוולאַך, וויצן, א. אז. וו. די דאָזיקע שריפטלאַכע אַרבעט וועט זיין אַן אומדירעקטע צוגרייטונג צו דער שריפטלאַכער אַרבעט דאָס צווייטע האַלב־יאָר.

ד) שריפטלאַכע קאָמפּאָזיציע: אַלע ש ר י פ ט ל א ־ כ ע א ר ב ע ט ן דאַרפן פירן צו איין ציל: אַנטוויקלען ביים קינד צו פייאיקייטן זעלבשטענדיק אויסצודריקן זיינע געדאַנקען שריפטלאַך. עס קען נאַטירלאַך קיין רייד ניט זיין, אז שוין דאָס ערשטע יאָר זאָלן די קינדער, ווי געהעריק, באַהערשן אָט דעם פּראָצעס, אוים דעם פּשוטן טעם, וואָס אין די יאָרן האָבן נאָך די מערסטע קינדער ניט קיין באַזונדערע באַדערפענישן אויסצו־דריקן וועלכע ס׳איז געדאַנקען שריפטלאַך און באַהערשן נאָך דאָן ניט די טעכניק דערפאַר.

די הויפּט אַרבעט אין שריפטלאַכער קאָמפּאָזיציע דאָס ערש־טע יאָר מוז זיך דעריבער באַגרעניצן אויף די קאָלעקטיווע מינד־לאַכע שאַפונגען פון די קינדער; ד. ה.: דאָס וואָס ווערט פון

אלעמען געשאפן דורך מינדלאכע שמועסן אין קלאס, ווערט אויס־געניצט פאר שריפטלאכער ארבעט.

פאר דעם צוועק קען מען אויסנוצן פאלגנדיקע טעמען:

1. בריוולאך צו פריינט וועגן דער ארבעט אין שול און וועגן שול פאסירונגען;

2. קורצע מעשה׳לאך דערציילט פון קינדער (אנעקדאטן, רעטענישן, וויצן, א. אז. וו.);

4. קאלעקטיווע שאפונגען פון די קינדער (לערער גיט די קינדער א טעמע און יעדער איינער דריקט אויס א געדאנק וועגן דעם);

5. פאראפראזעס (איבערדערציילן דעם אינהאלט פון א ליד).

די אלע שאפונגען שרייבט דער לערער אויף אויפן ברעט און די קינדער קאפירן זיי פאר זיך. מיטן אויסנאם פון די פארא־פראזעס, קענען די אלע טעמען אויסגענוצט ווערן גלייך פון אנהייב פון דער ארבעט, ווען די קינדער זיינען שוין אביסל באקאנט מיט דער טעכניק פון שרייבן. די שריפטלאכע ארבעט ביים פאראפרא־זירן, סאי איבערדערציילן דעם אינהאלט און סאי אויסברייטן דורך נייע צוגעגעבענע עלעמענטן, דארף איבערגעלאזט ווערן אויפן צווייטן האלב־יאר. סוף דער צייט קען מען שוין געבן די קינדער אליין צו פאראפראזירן געוויסע לידער, אויסלאזנדיק דעם מינד־לאכן שמועס וועגן דעם.

ה) מינדלאכע קאמפאזיציע: וועגן דער וויכטיקייט און צוועק פון מינדלאכער קאמפאזיציע דארפן מיר זיך מער ניט אפ־שטעלן. מינדלאכע קאמפאזיציע איז אלץ, וואס ס׳ווערט גערעדט אין קלאס, אויב נאר די קינדער, באזונדער, צי קאלעקטיוו, דריקן דערביי אויס וועלכע ס׳איז ארגאניזירטע געדאנקען. פאר דעם ער־פאלג פון דער ארבעט אבער, כדי די קינדער זאלן האבן וואס מער געדאנקען אויסצודריקן און קענען וואס פליסיקער דאס טאן, איז

נייטיק, אז די דאַזיקע טעטיקייט זאָל אָנגעפירט ווערן מיט אַ געוויסן סדר.

מינדלאַכע קאָמפּאָזיציע קען צום בעסטן אַדורכגעפירט ווערן דורך (1) איבערדערציילונגען, (2) נייס פון טאָג, (3) קאָלעקטיווע שאַפונגען און (4) דראַמאַטיזאַציע.

(1) איבערדערציילונגען: אַהער געהערן די אַלע איבערדערציילונגען פון קינדער, נאָכדעם ווי זיי האָבן געלייענט, אָדער געהערט אַ מעשה, אַ ליד, א. אז. וו. די איבערדערציילונג ווערט דורכגעפירט מיטן אויסשליסלאַכן צוועק צו קאָנטראָלירן, וואָס די קינדער האָבן געלייענט: זען צי האָבן זיי אַלץ פאַרשטאַנען און ריכטיק איבערגענומען. בנוגע איבערדערציילונגען דאַרף דער לערער געדענקען:

א) קינדער זאָלן איבערדערציילן נאָר אַזעלכע מעשות, וואָס דער אינהאַלט זייערער איז ניט אפשר קלאָר פאַר אַלע קינדער. צ. ב.: מעשות וואָס זיינען געלייענט געוואָרן אין דער שטיל: מעשות וואָס דער קלאַס נעמט דראַמאַטיזירן און מעשות דערציילט אין פערזן, וואו אסך פון די מעשה עלעמענטן ווערן אויסגעלאָזט.

ב) ווען קינדער מאַכן גרייזן ביים איבערדערציילן, סאַי וואָס ס'איז נוגע דעם אינהאַלט און סאַי בנוגע דער שפּראַך, זאָל דער לערער אויסבעסערן די גרייזן אויפן אָרט, ניט אָפּשטעלנדיק דאָס קינד, נאָר מיטדערציילן מיט אים. נאָר זייער וויכטיקע גרייזן דאַרפן גלייך אויסגעבעסערט ווערן.

ג) בשעת קינדער דערציילן איבער דעם אינהאַלט פון אַ מעשה, זאָלן זיי דאָס טאָן פאַר די קינדער, מיטן פּנים צום קלאַס, ניט צום לערער.

ד) אַ מעשה ווערט אַזויפיל מאָל איבערדערציילט ביז דער לערער און די קינדער זעען איין, אַז בעסער קען מען שוין ניט דערציילן.

ה) מעשות וואָס זיינען געלייענט געוואָרן אין דער הויך. דאַרף מען ניט איבערדערציילן. אַלע קינדער ווייסן דעם אינהאַלט.

2) נייס פון טאָג: אויף אַן אַנדער אַרט איז שוין דער־מאָנט געוואָרן דער פאַקט, אַז די קינדער האָבן זייער שטאַרק ליב צו רעדן, דערציילן און הערן אַנדערע רעדן און דערציילן. צום בעסטן ווייזט זיך זייער אינטערעס אַרויס אין ניט־פאָרמעלע שמו־עסן וועגן וועלכע זיי האָבן עפּעס צו זאָגן — שמועסן וועגן פאַר־שידענע פּאַסירונגען אין הויז, אויף דער גאַס, אין שול, א. אַז. וו. אַזעלכע שמועסן מיט קליינע קינדער, האַלטן נאַטירלאַך ניט אַן לאַנג און זיינען ניט אויספּירלאַך. אָבער וואָס זיי זאָלן ניט זיין, זיינען זיי אַ געוואַלטיקער מאַטעריאַל פאַר דער אַנטוויקלונג פון די געדאַנקען און אויסדרוק־פאָרמען. דער לערער דאַרף זען אָפּ־געבן דערפאַר אַזוי פיל צייט, ווי ס'פאָדערט זיך און אַזוי סטי־מולירן דעם קלאַס, אַז וואָס ווייטער זאָלן מער קינדער אַנטייל־נעמען אין די שמועסן און אַריינברענגען וואָס מער עלעמענטן אין זיי.

גאָר די ערשטע צייט וועט דער לערער אַליין דאַרפן אויפהייבן אַזעלכע פראַגעס מיט די קינדער, כדי זיי אַנצושטויסן אַליין אַריינ־צוברענגען פאַרשידענע נייעסן אין קלאַס. מיט דער צייט וועט דאָס ביי זיי ווערן אַ געוויינטלאַכע און שטענדיקע פּאַסירונג אין דער קלאַס־אַרבעט.

דער לערער דאַרף לאָזן די קינדער רעדן וועגן אַלץ, וואָס זיי ווילן, צי וועגן אַ קינד, וואָס איז דער'הרג'עט געוואָרן, אַ געבורטס־טאָג פון אַ פריינד, א. אַז. וו. דער לערערס עובדא דערביי איז פון איין זייט דורך פראַגעס אויסשעפּן אַלץ וועגן ענין, און פון דער צווייטער זייט זען, אַז דער קלאַס זאָל דערגיין צו אַ מין מוסר־השכל, וואָס איז צוגעפּאַסט צו אַזעלכע יונגע קינדער.

בנוגע גרייזן אין רעדן דאַרף דער לערער האַנדלען אַזוי ווי בנוגע די איבערדערציילונגען. דאָ קען אָבער דער לערער אויך

אויסנוצן די ידיעות פון די אַנדערע קינדער, אַפילו ווען דאָס פּירט צו אַ דערוויילקן איבעריים אין דעם שמועס. איבערהויפּט ווען זיך דאָס ארויסווייזן וויכטיק און דורכפירבאַר, ווען די קינדער. וואָס דערציילן עפּעס ווילן זיך אָפּשטעלן, ווייל ס'פעלט זיי גענוג אידישע ווערטער. אַנשטאָט דער לערער זאָל אַנגעבן אַזעלכע ווערטער, דאַרף ער פריער דאָס פאַרלאַנגען פון די אַנדערע קינדער.

ד) דראַמאַטיזאַציע: דראַמאַטיזירן קענען די קינדער ניט דוקא אַזעלכע מעשות, וואָס זיי לייענען אין די ביכער, נאָר אויך מעשות וואָס יער לערער דערציילט, און אַנדערע פּאַסירונגען. די דאָזיקע מעשות מוזן אין זיך האָבן וועלכן ס'איז דראַמאַטישן מאָמענט, וואָס דינט ווי אַ צענטראַלער פּונקט פאַר דער גאַנצער דורכפירונג. און דער דאָזיקער מאָמענט מוז זיין קלאָר פאַר די קינדער. די מערסטע זאַכן, וואָס ווערן דאָ רעקאָמענדירט צו דראַמאַטיזירן, האָבן אין זיך אָט אַזאַ עלעמענט.

דער אופן ווי אַנצופירן די דאָזיקע ארבעט איז אַזוי:

א) לערער און קלאַס באַשטימען דורכצופירן אַ געוויס מעשה'לע;

ב) דאָס מעשה'לע ווערט איבערגעלייענט, אָדער איבערדערציילט, כדי צו זיין זיכער, אַז די קינדער געדענקען און פאַרשטייען אַלץ;

ג) קינדער טיילן אויס די ראָלן, וואָס מ'קען שפּילן (לערער שרייבט דאָס אויפן ברעט);

ד) קלאַס באַקאַנט זיך גענוי מיט די רייד אין יעדער ראָלע;

ה) מ'קלייבט אויס קינדער פאַר די ראָלן:

ו) ערשטע פּראָבע;

ז) קריטיק מצד די אַנדערע קינדער:

ח) אַנדערע קינדער פּרובירן;

ט) לערער און קלאַס באַשטימען די אַנטיילנעמער וואָס טוען דאָס צום בעסטן.

די קינדער דארפן, פארשטייט זיך, ניט נוצן די זעלבע ווער־טער, ווי אין דער מעשה, סיידן דאס איז א מעשה אין פערזן.

געוויסע דראמאטיזאציעס, וואס גיבן זיך גוט איין, קען מען אויספירן ביי ספעציעלע פארזאמלונגען פון אלע קינדער פון דער שול, אדער ביי ענלאכע פאסירונגען.

די דראמאטיזאציע־ארבעט קען פארבונדן ווערן מיט לייענען און שרייבן: איבערלייענען יענע טיילן פון ראלן, וואס מ׳וויים ניט קלאר: פארשרייבן די נעמען פון די אנטיילנעמער, א. אז. וו.

די פאלגנדיקע מעשה׳לאך ווערן רעקאמענדירט פאר דראמא־טיזאציעס:

דאס ערשטע לייענבוך:

א) דאס קינד און די פעני
ב) די בעסטע מאמע
ג) א מעשה מיט א בער
ד) ניט צעקריגט זיך
ה) צוויי ברידער
ו) דער וואראבייטשיק
ז) פארוואס א קאץ וואשט זיך נאכן עסן
ח) דער האן און דאס בעבעלע.

דאס צווייטע לייענבוך:

א) זיך איבערגעבעטן
ב) די פרינצעסן אויפן ארבעס
ג) איצט אין שפעטער
ד) אז ענטפער
ה) די גארוועסע שפענער
ו) פראגן.

מ׳קען, נאטירלאך, געפינען נאך. ווען מ׳געדענקט אבער, אז די ערשטע וואכן קען מען די ארבעט ניט דורכפירן און ס׳קענען צוקומען אנדערע דראמאטיזאציעס פון מעשות דערציילטע, אדער געהערטע, וועט זיך ארויסווייזן, אז די ליסט איז גענוג.

# די אנטוויקלונג פון זעלבשטענדיקן לייענען

ניט געקוקט דערויף, וואס א גרויסע מאס פון דעם ערפאלג, וואס קינדער מאכן אין אונזערע שולן, איז אפהענגיק אן זייער לייען־קענטשאפט, קוואנטיטאטיוו און קוואליטאטיוו, פונדעסט־וועגן באווייזן מיר ניט צו אנטוויקלען ביי זיי א שטענדיקע לייען־געוואוינהייט פאר אידיש. אונזערע קינדער לייענען ניט קיין אידיש. און דאס, וואס זיי לייענען יא, איז זייער שוואך געלייענט. וואס זיינען די אורזאכן וואס האבן געפירט און פירן צו אזעלכע רעזול־טאטן ?

מיר קענען זיך דא ניט ארײנלאזן אין א באטראכטונג פון די אלע אורזאכן. דאס וואלט אונז ארײנגעפירט אין פראגעס, וואס האבן דירעקט קיין שייכות ניט מיט דעם ענין, וואס ס'אינטערע־סירט אונז דא, הגם זיי זיינען זייער וויכטיק. אונז אינטערעסירן דא יענע אורזאכן, וואס קענען פונם לערער באזייטיקט ווערן. אלזוי: א טעכניש־פעדאגאגישע פראגע. מיר לאזן דא אפילו אויס אזעלכע פראגעס, ווי: אונזער קינדער־ליטעראטור, וואס האט א גרויסן איינפלוס אויף דעם לייענען ביי אנפאנגער; דוחק אין צייט, סאי אין שול און סאי אין הויז, א. אז. וו. *)

דער דאזיקער צושטאנד דארף צוגעשריבן ווערן, צווישן אנ־דערע, צו די פאלגנדיקע אורזאכן, וואס די לערער קענען און דארפן באזייטיקן:

1) מעטאדע פון אונטעריכט אין דער טעכניק פון לייענען:
2) די לייען־ארבעט אין קלאס:
3) די קוואנטיטעט פון לייענען;
4) הויך און שטיל לייענען.

---

*) א ברייטע אפהאנדלונג וועגן „פאקטארן וואס באאיינ־פלוסן דאס לייענען ביי אנפאנגער" קענט איר געפינען אין 20טן יארבוך פון דער „נאצ. געזעלש. פאר דעם שטודיום פון ערציאונג".

1. מעטאָדע פון אונטעריכט, ווי אַ פאַקטאָר אין לייע־נען: אַז דער אופן ווי מ'לערנט קינדער אויס לייענען שפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער באַציאונג, וואָס זיי שאַפן זיך איין בנוגע לייענען אידיש, ווייס יעדער לערער, וואָס האָט זיך מיט דער זאַך פאַראינטערעסירט. און ס'איז מער ניט, ווי נאַטירלאַך, אַז אָט די באַציאונג, וואָס שטאַמט געוויינטלאַך פון די ערשטע פעריאָדן אין דער אַרבעט, זאָל זיך אין אַ היפּשער מאָס אויך אָפּרופן אויף דעם לייענען אין די העכערע קלאַסן.

לייענען אין שול מאַכט אויף די קינדער דעם איינדרוק, ווי עפּעס אַז עניז וואָס ווערט געטאָן צוליבן לערער. ער, דער לערער, איז דער צענטראַלער פונקט אין דער גאַנצער טעטיקייט. ער לערנט, ווייזט אָן, קאָריגירט, הערט אויס און דערקלערט. דאָס קינד טוט נאָך די אַלע זאַכן, כדי דער לערער זאָל זיין צופרידן. פאַר דעם קינד אַליין איז דאָ קיין פּלאַן ניטאָ, אַחוץ אויף איבערצונעמען, וואָס דער לערער הייסט.

די ערשטע וואָכן און חדשים פון לערנען לייענען אידיש איז דאָס קינד אריינגעטאָן אין ריין מעכאַנישע איבונגען. לייענען באַשטייט דאָן אין איבערזאָגן קלאַנגען, לערנען ווערטער און לייענען זאַצן, וואָס רופן ביי אים ניט ארויס דעם מינדסטן אינטערעס און גיבן אים גאָרניט צו צו זיינע פריערדיקע קענטענישן, אַחוץ דער־קענען נאָך אַזויפיל און אַזויפיל אותיות. די גאַנצע צייט גרייט מען זיך, מען מאַכט איבונגען. און הייבט מען שוין אָן לייענען, איז דאָס אויך איבונגען, ענטפערן און נאָכזאָגן, ווי דער לערער וויל.

אין די אויגן פון די קינדער ווערט ניט געמאַכט קיין אונ־טערשיד צווישן אַ פּראָצעס פון צוגרייטן זיך, פון איבן זיך, ביז דער טעטיקייט פו לייענען צוליבן לייענען, אָן קלאָץ־קשיות. אין אַלץ זעען זיי אָפּגעריסענע ווערטער, טיילן פון זאַצן, וואָס זיי

דאַרפֿן קענען איבערלייענען — פֿאַרשטיין די זאַך וועט ניט אַקצענטירט, דערווײַל שטעלט מע זיך ווינציק אָפּ.

וואָסערע מעטאָדע דער לערער זאָל ניט נוצן פֿאַרן אונטער־ריכט פֿון לייענען אין די אָנפֿאַנג קלאַסן, וועט דער רעזולטאַט אַלץ זײַן דער זעלבער, אויב דער יסוד פֿון דער אַרבעט וועט ליגן אין די מעכאַנישע איבונגען און זיי וועלן פֿאַרנעמען דעם אויבנאָן. דער „ווי" מצד דעם לערער מוז נאַטירלאַך ווערן דער „ווי" מצד די קינדער. און ווען דער לערער זאָל אַפֿילו אָוועקשטעלן דאָס מעכאַנישע לייענען. ווי אַ באַזונדערן ציל, הגם אַזוינס קען בשום אופֿן ניט געטאָן ווערן, דאַרף מען אַלץ זען, אַז די מאַטעריאַלן, דורך וועלכע דאָס קינד לערנט זיך אויס באַהערשן די דאַזיקע טעכניק און דער אופֿן פֿון דורכפֿירן, זאָלן זײַן אינטערעסאַנט און סטימולירנדיק פֿאַרן קינד. דאָס קינד וועט דאַן ווערן אַ טייל פֿון דער אַרבעט און וועט זיך דערמיט במילא פֿאַראינטערעסירן. אין דעם לייענען וועט עס עפּעס געפֿינען און אַרויסקוקן אויף נאָך.

2. די לייען־אַרבעט אין קלאַס, ווי אַ פֿאַקטאָר: ניט בעסער איז די לאַגע, ווען די קינדער לערנען זיך שוין אויס לייענען. כאָטש אין דעם מאָמענט האָט שוין דער לערער אַ געלעגנהייט צו לאָזן די קינדער הנאה האָבן פֿון דעם לייענען אַליין, פֿון דעם מעשה׳לע, פֿונדעסטוועגן ווערט די אַרבעט אויך דאָ פֿאַרוואַנדלט אין אַ פּראָצעס פֿון מעכאַנישע איבונגען. ניט דער אינהאַלט פֿון דער מעשה איז דאָ דער עיקר, נאָר דער אופֿן ווי אַזוי דאָס קינד לייענט: וויפֿל גרײַזן עס מאַכט, וועלכע ווערטער עס פֿאַרשטייט יאָ און וועלכע ניט, א. אז. וו. און אַז מ׳קומט שוין צום אינהאַלט בלײַבט פֿאַרן קינד אויך ווינציק. דער לערער פֿרעגט אַלץ און ענט־פֿערט ס׳רוב אַלץ. יעדע זאַך ווערט אַזוי קלאָר געמאַכט פֿאַר׳ן קינד, אַז אים בלײַבט שוין ניט וועגן וואָס נאָכצוקלערן — אַלץ איז פֿאַרענטפֿערט געוואָרן.

לייענען אין קלאַס איז אַ פּראָצעס פֿון צעטרייבערן די מעשה,

קודם־כל לייענט מען עס איבער צענדליקער מאָל, ניט געקוקט אויף די העפטיקע פּראָטעסטן מצד די קינדער, אַז זיי ווייסן שוין דאָס, אַז זיי פֿאַרשטייען שוין אַלץ. דאַן אַנאַליזירט מען די זאַך ביז די מינדסטע דעטאַלן: אַפֿילו אַזעלכע דעטאַלן וואָס זיינען אַבסאָלוט קלאָר פֿאַר יעדן קינד אין קלאַס. אָט איז אַ ביישפּיל פֿון אַזאַ אַנאַליז, נאָכדעם ווי די קינדער האָבן שוין געהאַט איבער־געלייענט אַ היבשע פּאָר מאָל דאָס מעשה׳לע „די גאַנז אויף איין פֿוס" (דאָס איז כמעט אַ סטענאָגראַפֿישער רעפּאָרט פֿון אַ קלאַס):

לערער: ווער איז געזעסן ביים טיש?

ענטפֿער: אַ קינד און זיין פֿאָטער.

ל.: וואָס האָבן זיי געגעסן?

ע.: מיטאָג, אַ גאַנז, און אַנדערע ענטפֿערס.

ל.: וואָס האָט דער פֿאָטער געטאָן?

ע.: דער פֿאָטער האָט זיך פֿאַרקוקט און דאָס קינד האָט צוגענומען אַ פּיסל.

ל.: וואָס האָט דער פֿאָטער געפֿרעגט?

א. אַז. וו. אויף יעדן זאַץ האָט דער לערער געשטעלט אַ פֿראַגע און די קינדער האָבן געענטפֿערט אין כאָר. קיין איינציקער עלעמענט איז ניט געלאָזן געוואָרן אומבאַענטפֿערט.

אַז אַזעלכע אַנאַליזן גיבן די קינדער גאָרניט צו, נאָר מאַכן די גאַנצע זאַך נמאס אין זייערע אויגן, איז קלאָר. די דערמאָנטע מעשה פֿאָדערט בכלל ניט וועלכע ס׳איז אַנאַליז, אַחוץ דורכלייע־נען און זיך צעלאַכן איבער דער חכמה פֿונם קינד.

מ׳לייענט אין קלאַס צוליב פֿאַרשידענע צוועקן, אָבער זעלטן האָט מען אין זין די געוויינטלאַכע הנאה, וואָס דאָס קינד דאַרף אַרויסבאַקומען פֿון לייענען און מער גאָרניט. און אַנאַליזירט מען שוין יאָ, דאַרף עס זיין צוליב עפּעס, וואָס רעגט אָן, רופֿט אַרויס, און אינטערעסירט די קינדער. און דער אַנאַליז דאַרף זיך ניט דווקא באַציען אויף דעם טעקסט דירעקט: מ׳קען אומדירעקט אַריינ־

ציען נייע פראגעס און אזוי ארום מאכן דאס געלייענטע וויכטיק אין די קינדערס אויגן, אחוץ די באלדיקע הנאה, וואס זיי האבן.

די לייען־ארבעט אין קלאס לייגט דעם פונדאמענט אין דער באציאונג, וואס ס'אנטוויקלט זיך ביי די קינדער, בנוגע לייענען בכלל. ארויסגייענדיק פון דעם שטאנדפונקט מוזן מיר זען, אז די טעטיקייט זאל פירן צו א פאזיטיווער באציאונג בנוגע לייענען און ניט צו קיין נעגאטיווער. פאזיטיוו קען די באציאונג ווערן, אויב די לערער וועלן די קינדער געבן אזא לייען־מאטעריאל, וואס אינטערעסירט זיי און וועט די ארבעט אנפירן אזוי, אז די הויפט־אויפמערקזאמקייט זאל געשאנקען ווערן ניט דער ריינער טעכניק פון לייענען, נאר פארשטיין א גאנצע זאך און זי וויכטיק מאכן. דורך פארבינדונגען מיטן קינדער־לעבן, אין זייערע אויגן.

3. די קוואנטיטעט פונם געלייענטן: נאך א וויכטיקער פאקטאר, וואס באאיינפלוסט אומדירעקט די באציאונג פון די קינדער צום לייענען, איז: דער סכום, אדער קוואנטיטעט פון דעם געלייענטן. מאטעמאטיש גערעדט: וויפל מעשות דאס קינד לייענט פער וואך אין קלאס און ווי גרוים די מעשות זיינען.

אונזערע קינדער לייענען זייער ווייניק אין די שולן. פון איין זייט פירט דאס צו א באשרענקטער באקאנטשאפט מיט נייע לייען־מאטעריאלן און פון דער צווייטער זייט, באגרעניצט דאס זייערע ערפארונגען אין לייענען, אפילו פון טעכנישן שטאנדפונקט. איבערלייענען איין זאך אסך מאל העלפט אן ספק צו אנטוויקלען די טעכנישע פייאיקייט איבערצולייענען נייע מאטעריאלן; כ'בלייבט אבער א שווערע פראגע, צי געווינען די קינדער פיל דערביי, ווען זיי לייענען זאכן, וואס רופט מער ניט ארויס קיין נייעם אינטערעס.

ס'איז א פאקט, אז אין משך פון א גאנצער וואך לייענען אונזערע קינדער זייער ווינציק מעשות, זעלטן דריי און ס'רוב ניט מער, ווי צוויי; און דאס נאך זייער קליינטשיקע מעשה'לאך.

עס פירט זיך אין אַ סך שולן אַזוי: היינט לייענט מען איבער אַ מעשה, און אויף צומאָרגנס לייענט מען דאָס איבער נאָכאַמאָל, כדי צו זען צי די קינדער קענען שוין די זאַך, צי ניט. אַזאַ פּראָצעדורע איז אַ צווייטער באַווייז, אַז מ׳לייענט אין די שולן ניט צוליבן אינהאַלט. וואָלט דאָס געווען דער פאַל, וואָלט מען אויף צומאָרגנס דאָס ניט איבערגעלייענט, מחמת די קינדער האָבן אָן שום ספקביים ערשטן מאָל פאַרשטאַנען דעם אינהאַלט פון דער זאַך.

מ׳דאַרף זען, אַז די קינדער זאָלן לייענען מער מעשׂות און וואָס אַמאָל גרעסערע. אנשטאָט מאַכן אַלע סאָרטן איבונגען אויף איין און דער זעלביקער מעשה אין איין טאָג, וואָלט מען גדאַרפט די אַרבעט צעוואַרפן אויף עטלאַכע מעשׂות אין פאַרשידענע טעג. דער אינטערעס מצד די קינדער וואָלט אַזוי אַרום ניט געווען קיין קינסטלאַך־אַרויסגערופענער און זיי וואָלטן זיך באַקאַנט מיט אַסך מער נייע לייען־מאַטעריאַלן און געוואונען פיל מער ערפאַרונג אין לייענען.

4. שטיל און הויך לייענען, ווי אַ פאַקטאָר: דער וויכ־טיקסטער ציל פון דעם לייען־אונטעריכט איז: פירן דערצו, אַז די קינדער זאָלן קענען זעלבשטענדיק, פאַר זיך אַליין לייענען צו־ליב הנאה, צוליב געפינען אינפאָרמאַציעס, שטודירן, א. אַז. וו. דאָס קינד דאַרף דערגיין צו דער מדרגה, ווען עס קען זעלבשטענדיק איבערלייענען אַ מעשה פאַר זיך און פאַרשטיין דעם ספּור־המעשׂה. אונטער דעם ציל, קענען זעלבשטענדיק לייענען, האָט מען גדאַרפט אַלץ אונטערוואַרפן. דאָס שטילע לייענען האָט גדאַרפט פאַרנע־מען דעם אויבנאַן, אַזוי שנעל ווי דאָס איז מעגלאַך.

אין אונזערע שולן איז די לאַגע אַ גאַנץ אַנדערע. דער גאַנ־צער פּראָצעס פון לייענען ווערט אָנגעפירט אין דער הויך. מ׳לייענט אויפן קול, כדי דער לערער זאָל הערן, די קינדער זאָלן פאַרשטיין. אַחוץ דעם, וואָס אַזאַ פּראָצעדורע גרייט די קינדער לחלוטין ניט צו צו דעם ענדלאַכן ציל פון לייענען — לייענען זעלבשטענדיק

פאַר זיך — פּירט זי צו אַזעלכע געוואוינהייטן, וואָס שטערן שפּע־טער די קינדער, ווען זיי גייען איבער צום שטילן לייענען: זיי געוואוינען זיך צו צו אַרטיקולירן די ווערטער, ווען כ'איז ניט נייטיק: זיי געוואוינען זיך צו צו „ליפּן־באַוועגונגען". וואָס שטערט דאָס פּליסיקע לייענען און שאַפט זיך איין די געוואוינהייט צו קוקן אויף אַ מעשה פון שטאַנדפּונקט פון לייענען, אַנשטאָט פון שטאַנדפּונקט פון אינהאַלט.

שוין דאָס ערשטע יאָר דאַרף מען אָנהייבן צוגעוויינען די קינדער צום שטילן לייענען. אַזוי שנעל, ווי זיי באַהערשן די טעכ־ניק פון דעם עלעמענטאַרן לייענען. דאָס הויכע לייענען דאַרף הויפּטזאַכלאַך דינען, ווי אַ צוגרייטונג און אַ קאָנטראָל איבערן שטילן לייענען: פון איין זייט, כדי צו לערנען נייע עלעמענטן אין לייענען און פון דער צווייטער זייט, כדי צו זען, אַז די קינ־דער זאָלן זיך ניט איינלעבן אין געוויסע טעות'ן, וואָס זיי מאַכן בשעת זיי לייענען אַליין.

אין דעם שטילן לייענען וועלן די קינדער געפינען אַ ציל, וואָס זיי פאַרשטייען: לייענען צוליב אייגענער הנאה און צוליב אייגענעם פאַרשטיין, ניט צוליבן לערער, אַדער אַנדערע קינדער. דאָס וועט פירן דערצו, אַז זיי זאָלן ווען לייענען מער און דער עיקר, קענען לייענען מער. דורך שטיל־לייענען לערנען זיך די קינדער אוים לייענען מער און לייענען שנעל, לייענען צוליבן אינהאַלט פון דער זאַך *).

## מעטאָדיק פון שטיל לייענען

די פאָלגנדיקע אָנווייזונגען באַציען זיך דירעקט אויף די לייען־מאַטעריאַלן פון דעם צווייטן לייענבוך, ד. ה.: פאַרן שטילן־לייע־

*) מיר קענען זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף דער ברייטער פראַגע פון הויך און שטיל לייענען. זע וועגן דעם ענין:
Clarence R. Stone: Silent and Oral Reading.

נען דאָס צווייטע האַלב־יאָר. צווישן די אַנווייזונגען פאַרן ערשטן האַלב־יאָר געפינען זיך עטלאַכע רעקאָמענדירטע מעשה׳לאַך, וואָס די קינדער דאַרפן שוין דאַן לייענען אין דער שטיל.

די פאָלגנדיקע צען מעשות פון צווייטן לייענבוך ווערן רע־קאָמענדירט, ווי פּאַסיקע פאַרן שטילן־לייענען. דער לערער קען אויסנוצן נאָך אַנדערע:

1. בעסער געוואָרן
2. אין ווייט אַמעריקע
3. דער בער און דער יעגער
4. בנימין וואָלף
5. צוויי חברים
6. דער הונט באָבי
7. דאָס אָרימע אינגעלע
8. דער האָלצהעקער און די זשאַבע
9. די מעשה מיטן גאָלדענעם אינגעלע
10. דער בייל.

1. **דירעקטיוון ביים שטילן לייענען:** אַלע דירעקטיוון פון לערער צו די קינדער ביים לייענען אין דער שטיל, דאַרפן גע־געבן ווערן אין דער שטיל. די דאָזיקע דירעקטיוון שרייבט דער לערער אויף אויפן ברעט. די דירעקטיוון דאַרפן זיין קלאָר, צום פּונקט און אָנגעשריבן אין די קלענסטע צאָל ווערטער. אַ שטיי־גער: איידער די קינדער נעמען לייענען דאָס ערשטע מעשה׳לע אין דער שטיל (און דער לערער דאַרף פריער האָבן דערקלערט די קינדער וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך), שרייבט דער לערער אויף: עפנט די ביכער אויף זייט 13. לייענט דאָס מעשה׳לע „בעסער געוואָרן“. לייענט אין דער שטיל. ווען איר ענדיקט, בלייבט זיצן רואיק. הייבט אָן“.

צווייסע קינדער וועלן אפשר לכתחילה ניט פאַרשטיין די

דירעקטיוון. אין אזא פאל דארף דאס דער לערער דערקלערן יענע קינדער באזונדער.

2. שווערע ווערטער: דער לערער מוז אבסאלוט זיין זיכער, אז די קינדער וועלן זיך ניט אנשטויסן אין אזעלכע ווער־טער, וואס קענען זיי שטערן צו פארשטיין דאס גאנצע מעשה׳לע, אדער טיילן דערפון. דאס בעסטע צו טאן איז: באקענען די קינ־דער פריער מיט די דאזיקע נייע און שווערע ווערטער. דאס ווערט געטאן אזוי: לערער ערקלערט די קינדער, אז דער קלאס וועט באלד לייענען א מעשה׳לע אין דער שטיל. כדי צו קענען גוט לייע־נען דאס מעשה׳לע, דארף מען פארשטיין אלע ווערטער. מ׳וועט דעריבער פריער אויפשרייבן די ווערטער אויפן ברעט און זען, ווער עס פארשטייט זיי און ווער ניט.

נאך דער דערקלערונג שרייבט דער לערער אויף די ווערטער. בעסער אויסצוטיילן מער ווערטער, איידער ווייניקער. ווען דער לערער האט אויפגעשריבן די ווערטער, נעמען די קינדער זיי אי־בערלייענען און פארטייטשן (ניט דער לערער). בעסער פארטיי־טשן ווערטער מיט סינאנימען, וואס די קינדער ווייסן זיכער. סאי די ווערטער און סאי די פארטייטשונגען געפינען זיך אויפן ברעט בשעת די קינדער לייענען. אויב מ׳וויל, קענען די קינדער זיי פארשרייבן אין די העפטן. אין דעם מעשה׳לע „בעסער געווארן" וואלטן מיר געהאט די פאלגנדיקע ווערטער:

א כעסן — א בייזער
א חבר — א פריינט
א טשוואק — א נאגל
טשוועקעס — א סך נעגל
ארויסגעשמיסן — ארויסגעווארפן

3. פאזיציע בעת׳ן לייענען אין דער שטיל: די קינ־דער דארפן זיך פילן אבסאלוט פריי בעת׳ן לייענען אין דער שטיל.

יעדער איינער קען זיצן, ווי ער אָדער זי וויל. בעסער פון אַלץ איז: זיך אָנשפּאַרן אַן אַנלען פון בענקל מיטן ביכל אין האַנט, ניט אונ־טערבייגן זיך צום ביכל אויפן טישל. דאָס וועט פאַרהיטן פון אַ שנעלער איינמידונג, באַזונדערס ווען עס קומט אויס צו לייענען אַ גרעסער מעשה׳לע. יעדעס קינד דאַרף האָבן זיין אייגן ביכל בעת׳ן לייענען. צוויי קינדער קענען ניט לייענען פון איין ביכל אין דער שטיל, מחמת איינעם וועט זיכער אויסקומען צו וואַרטן אויפן צווייטן און די אויפמערקזאַמקייט אין לייענען וועט דערמיט גע־בראָכן ווערן.

4. **העלפן די קינדער:** די ערשטע צייט וועלן אַסך קינ־דער בלייבן שטיין און ניט קענען ווייטער לייענען. אַמאָל צוליב אַ זאַץ, וואָס עס קען ניט פאַרשטיין און אַמאָל צוליב אַן אַנדערער אומבאַוואוסטער סיבה. דער לערער דאַרף זיין גרייט אַרומצוגיין פון איין קינד צום אַנדערן און אַלץ קלאָר מאַכן. אויב ס׳זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן פריער געענדיקט לייענען און מ׳קען זיך אויף זיי פאַרלאָזן, קענען זיי אויסהעלפן דעם לערער אין דער אַרבעט.

5. **פאַרהיטן פון שלעכטע געוואוינהייטן:** אַ וויכטיקע עובדא שטייט דעם לערער פאַר בשעת די קינדער לייענען אין דער שטיל: זען צו פאַרהיטן אַז די קינדער זאָלן זיך ניט איינשאַפן אַזעלכע געוואוינהייטן ביים שטילן לייענען, וואָס קענען זיי שטערן אין זייער פליסיקן לייענען, און אָפּגעוויינען פון אַזעלכע געוואוינ־הייטן, וואָס די קינדער פאַרמאָגן שוין. איבערהויפּט דאַרף דער לערער זיך אָפּגעבן מיט אַזעלכע געוואוינהייטן, ווי: „לייענען מיט די ליפּן“, „טייטלען מיט די פינגער“, „באַוועגן דעם קאָפּ ביים איבערגיין פון איין שורה צו אַ צווייטער“.

6. **לייענען מיט די ליפּן:** ביז די קינדער האָבן אָנגע־הויבן לייענען אין דער שטיל, האָבן זיי זיך איינגעשאַפן די גע־

וואוינהייט פון ארויסלייענען די ווערטער אויפ'ן קול, באוועגן די ליפן. ביים איבערגיין צום שטילן לייענען וועלן זיי אלע טאקע אויפהערן ארויסלייענען די ווערטער אויפן קול, אבער אסך וועלן מסתמא ווייטער באוועגן די ליפן, ד. ה. ארויסלייענען די ווערטער. נאר נית אויפן קול, נאר צו זיך אליין. ס'איז פאקטיש ניטא קיין אונטערשיד צווישן אזא שטיל לייענען און הויך לייענען. די גע־וואוינהייט פון לייענען שטיל און באוועגן מיט די ליפן דארף גלייך אפגעשטעלט ווערן. יעדע באוועגונג מיט די ליפן פארנעמט צייט און שטערט דאס שנעלע לייענען. איבערהויפט איז דאס וויכטיק, כדי ס'זאל ניט ווערן ביי די קינדער אן אויטאמאטישער אפרוף, ווען נאר זיי נעמען לייענען פאר זיך. דער לערער דארף פריער אנזאגן די קינדער ניט צו באוועגן מיט די ליפן בעת'ן לייענען. נאר „לייענען מיט די אויגן“.

טייטלען מיט די פינגער: אויך די דאזיקע געוואוינהייט האבן זיך די קינדער איינגעשאפן אין די ערשטע שטופן פון הויך־לייענען, איבערהויפט אין די פאלן, וואו מ'לערנט קינדער לייע־נען ווערטער. די דאזיקע געוואוינהייט קען זיך זיין גאנץ נוצלאך. אדער ניט, אין די גאר ערשטע פעריאדן פון אונטעריכט, כדי אנצוהאלטן די אויפמערקזאמקייט און זיך ניט פארלירן. די גע־וואוינהייט, ניט נאר ברענגט זי ניט קיין נוצן אין שטיל לייענען, נאר פארקערט, זי ברענגט נאך מיט זיך שאדנס: די קינדער טייטלען מיט די פינגער אויף יעדן ווארט און געוויינען זיך ניט צו צו לייענען א גאנצן זאץ, זען א ריי ווערטער מיט אמאל און אזוי ארום גלייך אויפכאפן דעם געדאנק. אחוץ דעם שטערט דאס, פונקט ווי די ליפ־באוועגונגען, אין שנעלן לייענען.

8. באוועגן דעם קאפ: אן אנדערע, דורכויס ניט נוצלאכע געוואוינהייט בעת'ן שטילן־לייענען איז: באוועגן דעם קאפ ביים איבערגיין פון סוף פון איין שורה צום אנהייב פון א נייער שורה.

די דאַזיקע קאָפּ־באַוועגונגען זיינען אַן אומזיסטע אָנשטרענגונג און בכלל אַ מיאוסע געוואוינהייט. אַזעלכע קינדער דאַרף מען צוגעוויינען איבערגיין מיט די אויגן און ניט מיט׳ן קאָפּ. דאָס איז ווינציקער אָנשטרענגונג, שנעלער און שענער.

.9 לייענען צוליב אינהאַלט : פון ערשטן מאָמענט אַן דאַרף דער לערער זען, אַז די קינדער זאָלן זיך צוגעוויינען אַזוי, אַז זיי זאָלן אַרויסנעמען די מערסטע געדאַנקען פון דער מעשה און ניט גלאַט איבערלייענען די ווערטער. צוליב דעם צוועק איז נייטיק פון אָנהייב אָן צו געוויינען די קינדער, אַז נאָכדעם ווי מ׳וועט ענדיקן לייענען. וועט יעדער איינער דאַרפן ענטפערן אויף געוויסע פראַגעס, כדי צו זען צי מ׳האָט ריכטיק געלייענט און אַלץ פאַר־שטאַנען. אין געוויסע פאַלן קען מען אפילו שטעלן אַזעלכע פראַ־געס, איידער מ׳הייבט אָן לייענען און אַזוי אַרום לאָזן די קינדער אויסגעפינען די ענטפערס. דאָס ווערט אָבער ניט רעקאָמענדירט פאַר גאָר אָנפאַנגער.

.10 פראַגעס נאָכן לייענען : פון שטאַנדפונקט פון לע־רערס אַרבעט, הייבט זיך דאָס שטילע לייענען ערשט אָן נאָכ־דעם, ווי קינדער האָבן געענדיקט לייענען : זען וואָס זיי האָבן אַרויסבאַקומען און וואָס ניט. די דאָזיקע אַרבעט קען דער לערער אַדורכפירן אויף צוויי אופנים : שריפטלאַך, אָדער מינדלאַך. דער לעצטער אופן איז ווינשנסווערט אַלעמאָל, דער צווייטער אופן איז אַפּהענגיק אָן דעם סכום ידיעות, וואָס די קינדער האָבן זיך ביז אַהער איינגעשאַפן אין שרייבן.

אויב דער לערער פירט אַדורך דעם פאַרהער מינדלאַך, דאַרפן די פראַגעס געשטעלט ווערן באַזונדערע קינדער, ניט צום גאַנצן קלאַס, כדי אין דער אמת׳ן צו דערגיין אויף וויפיל יעדעס קינד האָט די זאַך פאַרשטאַנען. מינדלאַכע פראַגעס קענען אַרומנעמען מער דעטאַלן פון דער מעשה, פון שריפטלאַכע.

אויב די קינדער קענען שוין אָנגעבן זייערע ענטפֿערס שריפֿט־לאַך, דאַרף דער לערער אויפֿשרייבן זיינע פֿראַגעס אויפֿן ברעט און לאָזן די קינדער ענטפֿערן אויף זיי אין די העפֿטן. שריפֿטלאַכע פֿראַגעס דאַרפֿן זיין וואָס ווינציקער, און מער צו דער זאַך, בנוגע דעם אינהאַלט. בשעת די קינדער שרייבן זייערע ענטפֿערס, גייט דער לערער אַרום פֿון איינעם צום צווייטן צו זען צי ענטפֿערן זיי ריכטיק, צי ניט. אויב דער לערער באַמערקט, אַז אַ קינד ענט־פֿערט ניט ריכטיק, זאָל ער אים אָפּשטעלן און הייסן איבערלייע־נען יענע שטעלע וועגן וועלכער עס רעדט זיך אין דער פֿראַגע.

אַנשטאָט שטעלן פֿראַגעס, קען דער לערער בעטן אַ געוויס קינד צו דערציילן דעם אינהאַלט. די איבעריקע קינדער דאַרפֿן זיך צוהערן, כדי צו זען צי יענער דערציילט ריכטיק, צי ניט.

## אָנווייזונגען פאַר די ערשטע וואָכן

מאַטעריאַלן צו דער ארבעט: דער לערער דאַרף זיך פאַרזאָרגן מיט פאָלגנדיקע מאַטעריאַלן פאַר דער ארבעט אין ערשטן קלאַס: (1) אַ שרייב־ברעט (בעסער אַ באַוועגלאַכס), (2) אַ באַוועגלאַכן א"ב) (3) אַ קאָפּיע פון ערשטן טייל פון די „לייענביכער פאַר דער אידישער שול", (4) פּאַפּיר, העפטן און בלייפעדערס פאַר די קינדער, (5) אַן א"ב דרוקעריי (אין דער פאָרם פון אַ שטעמפּל, און (6) קאַרטאָנען צו דרוקן אותיות (די גרייס 3 ביי 3).

די אָנווייזונגען זיינען באַשטימט פאַר די שולן, וואו די קינדער לערנען דריי מאָל אין וואָך. אין די שולן, וואו מ'לערנט מער פון דריי מאָל, קען מען די זעלביקע ארבעט אויסברייטערן.

די ערשטע לעקציע: די ערשטע זאַך, וואָס דער לערער דאַרף טאָן דאָס ערשטע מאָל, ווען ער באַגעגנט זיך מיט די קינדער איז: זיך באַקענען מיט זיי, פירן מיט זיי וועלכן ס'איז שמועס, איבערגעבן זיי, וואָס זיי וועלן דאָ טאָן (דערמאָנען, אַז מ'וועט זיך אַ צייט צוגרייטן און שפּעטער באַקומען ביכער צו לייענען) און אויסלערנען די קינדער שרייבן זייערע אייגענע נעמען. ווען די קינדער קענען שוין שרייבן זייערע נעמען, לאָזן זיי דאָס אויפשרייבן אויף זייערע העפטן.

א) שרייבן דעם נאָמען:

בנוגע אויסלערנען אויפשרייבן די נעמען, דאַרף דער לערער געדענקען דאָס פאָלגנדע:

א) צוערשט לערנען שרייבן דעם ערשטן, אָדער אידישן, נאָמען;

ב) אויב דאָס זיינען העברייאישע נעמען, שרייבן זיי ווי אין העברייאיש;

ג) לערנען דעם צווייטן נאָמען גלייך נאָכדעם, אויב ס'איז ניט קיין שווערער נאָמען; אויב יאָ — לאָזן דאָס אויף שפּעטער;

ד) דער לערער קען אויפשרייבן די נעמען פון אלע קינ־
דער אופן ברעט, ארויסלייענענדיק דעם נאמען בשעת'ן
שרייבן און דערנאך הייסן די קינדער דאס קאפירן; אדער דער לערער קען אויפשרייבן דעם נאמען פון יעדן קינד אויף א באזונ־דער שטיקל פאפיר און לאזן יעדעם קינד פראקטיצירן. די פראק־טיצירונג דארף ניט געמאכט ווערן אין שטענדיקן העפט.

ב) ליד אויף אויסנווייניק: דערקלערט די קינדער, אז זיי וועלן יעדעם מאל לערנען שיינע מעשה'לאך אויף אויסנווייניק, וואס זיי וועלן קענען דעקלאמירן פאר אנדערע, אין דער היים, א. אז. וו.

לערער: הערט, קינדער, דאס ערשטע לידל, וואס מיר וועלן לערנען אויף אויסנווייניק. זאלן זיך אלע גוט צוהערן. נאכ־דעם, ווי איך וועל האבן געענדיקט, וועלן מיר זען, ווער ס'האט דאס גוט פארשטאנען (לערער דעקלאמירט דאס ערשטע לידל פון ערשטן לייענבוך „איינס, צוויי, דריי." די נעמען פון די מחברים דארף דער לערער אויסלערנען די קינדער נאכדעם, ווי זיי קענען שוין א ביסל דאס לידל).

לערער: נו קינדער, ווער פון אייך קען אונז דערציילן. וואס איז דא פארגעקומען מיטן אינגעלע (אויב די קינדער פאר־שטייען נאך ניט, דעקלאמירט דער לערער דאס נאכאמאל)?

לערער: אט וועל איך אנהייבן: „אמאל איז געווען א קליינטשיק אינגעלע. איינמאל האט ער זיך אויפגעשטעלט." ווער דערציילט ווייטער?

נאכדעם ווי די קינדער האבן איבערגעגעבן דעם אינהאלט. נעמט דער גאנצער קלאס לערנען דאס לידל אויף אויסנווייניק.

ג) לייענען אידיש: פאר דער ארבעט דארף דער לע־רער אויסנוצן דאס ליד, וואס די קינדער האבן פריער געלערנט אויף אויסנווייניק. דאס ליד ווערט אויפגעשריבן אויפ'ן ברעט און דער לערער פירט דאן אן די ארבעט אזוי:

ל ע ר ע ר : איצטער, אז איר קענט שוין דאָס לידל אויף אויסנווייניק, וועל איך עס אויפשרייבן אויפן ברעט און מיר וועלן זען, ווער עס קען עס איבערלייענען. איר וועט מיר זאָגן די ווערטער און איך וועל שרייבן. ווי הייסט דאָס לידל :

ק י נ ד ע ר : איינס, צוויי, דריי.

ל ע ר ע ר : ווער גיט מיט די ערשטע שורה ?

א ק י נ ד : איינס — אָט שטייט ער.

ל ע ר ע ר : און די צווייטע שורה ?

א ק י נ ד : צוויי — אָט גייט ער.

און אזוי מיט דער גאַנצער סטראָפע. ביי דער צווייטער סטראָפע, „שנעל געלאָפן", א. ז. וו. קען דער לערער בעטן איינציקע ווערטער, אַנשטאָט שורות.

ווען דאָס גאַנצע ליד איז שוין אויפגעשריבן לייענען עס די קינדער איבער צוזאַמען.

ל ע ר ע ר : ווער פון אייך קען צוגיין צום ברעט און געפינען דאָס וואָרט „ער" ? (א קינד גייט צו). ווער זעט דאָס וואָרט „ער" נאָכאַמאָל ? און נאָכאַמאָל ? (קינדער ווייזן אויף דריי מאָל).

ל ע ר ע ר : ווער קען מיר ווייזן דעם וואָרט „אָט" ? (א קינד גייט צו צום ברעט). וויפל מאָל ?

ק י נ ד ע ר : דריי מאָל. (זיי ווייזן אָן אויף יעדן מאָל).

דאָס זעלבע זאָל דער לערער טאָן מיט די ווערטער „שנעל", „האָפּ" ! „שוועל" און „איינס", „צוויי", דריי".

לערער לאָזט איין קינד איבערלייענען דאָס לידל צום לעצטן מאָל.

די צווייטע לעקציע : אין דער צווייטער לעקציע דאַרף דער לערער קודם־כל זען פאַרפעסטיקן דאָס, וואָס מ'איז דורכגעגאַנגען אין דער ערשטער לעקציע. ווען דער לערער איז זיכער,

אז די מערסטע קינדער אין קלאַס ווייסן דאָס, קען ער צוטרעטן צו נייער ארבעט.

א) שמועס וועגן דער מעשה: לערער פירט א שמועס מיט די קינדער וועגן דער דערציילטער מעשה, א שטייגער: געפעלט אייך דאָס מעשה׳לע? ווי האָט געהייסן דער אָדער יענער העלד? ווער וואָלט געקענט דערציילן דאָס מעשה׳לע פאַר קינדער, וואָס האָבן עס נאָך ניט געהערט? ווען קינדער נעמען דערציילן, דאַרף דער לערער זען, דורך געשטעלטע פראַגעס, אז ס׳זאָל אָנגעהאַלטן ווערן דער סדר פון פּאַסירונגען; אליין אויפשרייבן יענע עלעמענטן, וואָס די קינדער האָבן שוין מעגלאַך פאַרגעסן. ביים דערמאָנען די נעמען פון געוויסע העלדן, זאָל זיי דער לערער גלייך אויפשרייבן אויפ׳ן ברעט.

ב) נעמען פון קינדער: דער לערער פרעגט: דאָס לעצטע מאָל האָבן מיר געלערנט שרייבן אונזערע נעמען: ווער פון אונז וואָלט שוין איצטער געקענט צוגיין צום ברעט און אויפשרייבן זיין נאָמען? אלע קינדער באַווייזן דאָס אויפן ברעט. אויב ס׳זיינען פאַראַן צופיל קינדער אין קלאַס, קען דאָס געטאָן ווערן אויף ספּעציעלע שטיקלאַך פּאַפּיר.

ל ע ר ע ר: אזוי ווי מיר קענען שוין אויפשרייבן אונזער ערשטן נאָמען, וועלען מיר זיך היינט אויסלערנען שרייבן דעם צווייטן נאָמען. איך וועל אויפשרייבן אויפן ברעט דעם ערשטן און צווייטן נאָמען פון יעדן קינד און מיר וועלן זען, ווער ס׳וועט איבערלייענען זיין נאָמען, בשעת איך שרייב אויפן ברעט.

דער לערער שרייבט די נעמען און יעדעס קינד וועט גאַנץ לייכט טרעפן ווען דער לערער שרייבט זיין נאָמען. ווי נאָר א קינד דערזעט זיין נאָמען אויפן ברעט, נעמט עס גלייך פּראַקטיצירן אויף פּאַפּיר.

דער לערער דאַרף איצטער האָבן צוגעגרייט די נעמען פון

די קינדער אויף שטיקלאך פאפיר געדרוקט מיט דעם א״ב שטעמ־פל. די געדרוקטע נעמען זאלן די קינדער ארויפקלעפן אויף דעם טאוול פון זייערע העפטן און שרייבן זיי אין די העפטן.

ג) לייענען: דער לערער שרייבט אויף דאס ערשטע לידל אויפן ברעט, וואס די קינדער קענען שוין גוט אויף אויסנווייניק.

לערער: מיר וועלן היינט זען צי געדענקען מיר נאך, וואס מיר האבן געלייענט דאס לעצטע מאל. ווער פון אייך קען צוגיין צום ברעט און אויסמעקן דאס ווארט „ער״? די שורה „צוויי — אט גייט ער״? דאס ווארט „האפ!״ דאס ווארט „אט״? ווער קען אויסמעקן די שורה „ניט געטראפן״? ווער קען איבערלייענען דאס לעצטע ווארט פון לידל?

בשעת דער לערער הייסט די קינדער אויסמעקן א געוויס ווארט, ווייזט ער זיי דאס זעלבע ווארט אפגעדרוקט אויף א קארטאן. די קינדער געוויינען זיך גלייך צו צו ביידע סארטן בוכ־שטאבן אן וועלכער ס׳איז שוועריקייט.

לערער: איך זע, אז איר קענט אלע איבערלייענען, וואס מיר האבן ס׳לעצטע מאל געלערנט. מיר וועלן דערפאר אנהייבן לערנען א נײַ לידל. נעמט אלע אראפ פון אייערע טישלאך און איך וועל עס פאר אייך דעקלאמירן.

ד) ליד אויף אויסנווייניק: לערער דעקלאמירט דאס לי־דל „רידל דערידל.״

לערער: א שיינע מעשה? ווילט איר עס קענען אויף אויסנווייניק?

קינדער: יא, יא.

לערער: אבער זאגט מיר פריער: פארוואס האט דער הונט געלאכט?

קינדער: ווייל די קו איז געפלויגן איבערן דאך און די קאץ האט געשפילט אויף א פידל.

ל ע ר ע ר : האָט איר אַמאָל געזען אַ קאַץ שפּילן אויף אַ פידל ? ווי וואָלט די קאַץ געשפּילט אויף אַ פידל ?

קינדער לאַכן און מאַכן נאָך, ווי אַ קאַץ שפּילט,„ „מיאו!“ אויף אַ פידל.

ל ע ר ע ר : אַז איר פאַרשטייט עס גוט וועלן מיר עס לערנען אויף אויסנווייניק (לערער זאָגט עס איינמאָל איבער מיט די קינ־דער).

ה) **פּאַנישע איבונגען** : פירט דורך די שפּיל „טיש און שטול“ (ז. 43). בשעת דער לערער פרעגט די קינדער מיט וואָס פאַר אַ קלאַנג עס ענדיקט זיך אַ געוויס וואָרט און די קינדער גיבן דאָס אָן, זאָל אָט דער אות גלייך אויפגעשריבן ווערן פון לערער. דער לערער זאָל אָבער ניט אָפּשטעלן די שפּיל צוליב דעם און ניט מאַכן קיין איבונגען מיט די קינדער. ס'טרעפט זייער אָפט, אַז אין דער שפּיל ווערט אַ געוויסער קלאַנג אָנגערופן זייער אָפט; אין אַזאַ פאַל זאָל דער לערער יעדעס מאָל דעם קלאַנג אויפשרייבן. עס וועט אויסקומען, אַז צום סוף שפּיל וועלן די קינדער פאַר זיך זען אַ ריי קלאַנגען פיל מאָל איבערגע׳חזר׳ט און זיי וועלן אָט די קלאַנגען גאַנץ לייכט געדענקען אַפילו אָן איבונגען.

**דריטע לעקציע** : אויף דער דריטער לעקציע פאַרענדיקט דער קלאַס די אַרבעט מיט שרייבן די נעמען. בנוגע דער מעשה פירט דער לערער אָן דעם זעלבען שמועס, ווי פריער, אויב ער געפינט דאָס פאַר נייטיק. אַנשטאָט דעם קען דער לערער דאָס מאָל בעטן די קינדער זיי זאָלן דערציילן אַ מעשה, אַ וויץ, אָדער אַ רעטעניש.

א) **ליד אויף אויסנווייניק** : דער לערער שרייבט אויף דאָס לידל „רידל דערידל“ אויפן ברעט און נעמט עס איינשטו־דירן אויף אויסנווייניק. ווי נאָר די אַרבעט איז פאַרענדיקט טייל־ווייז, טרעט דער לערער צו צום לייענען דאָס לידל פון ברעט.

ב) **לייענען אידיש:** קינדער לייענען איינמאָל איבער דאָס גאַנצע לידל אויפן ברעט. אויב געוויסע קינדער ווילן און קענען דאָס אַליין איבערלייענען, דאַרף דער לערער זיי דאָס ערלויבן.

לערער: ווער פון אייך קען מיר ווייזן אויפן ברעט די שורה „די קאַץ מיטן פידל" ? ווער קען מיר ווייזן „דער הונט גיט אַ לאַך" ? ווער קען מיר ווייזן „מיט די לעפעלאַך" ? ווער קען מיר ווייזן דאָס וואָרט „די" ? נאָכאַמאָל „די" ? און נאָכאַמאָל „די" ? ווער קען מיר ווייזן דאָס וואָרט „טאָפּ" ? דאָס וואָרט „זאַך" ? דאָס וואָרט „לאַך" ?

ווער פון אייך קען צוגיין און אויסמעקן דאָס וואָרט „קאַץ" ? דער לערער רופט אַרויס קינדער אויסצומעקן די פאָלגנדיקע ווערטער: קאַץ, פידל, די, דאַך, הונט, אַ, זאַך, טאָפּ, מיט.

גלייך דערנאָך פילט דער לערער צוריק אויס די אָפּגעמעקטע ווערטער אויף אַזאַ אופן:

ל. איך וועל איצטער צוריק אויפשרייבן די ווערטער, וואָס איר האָט אָפּגעמעקט, אָבער איר וועט מיר דאַרפן זאָגן, וואָס איך זאָל שרייבן. סעמי, וואָס דאַרף איך שרייבן דאָ (אָנווייזנדיק אויפן אָרט, וואו ס'דאַרף שטיין דאָס וואָרט קאַץ) ?

סעמי: קאַץ.

ל. ווער קען מיר זאָגן, וואָס כ'דאַרף דאָ צושרייבן ?

ק. פידל.

אַזוי גייט דער לערער אָן ביז אַלע ווערטער ווערן אויסגעפילט; אויף קיין פאַל זאָל דער לערער ניט איבערלייענען די אַנגעשריבענע טיילן פון פערז — די קינדער וועלן שוין דאָס אַליין איבערלייענען.

ג) **שרייבן אידיש:** אויב דער קלאַס האָט דאָס מאָל ניט געהאַט קיין שרייב אַרבעט אין פאַרבינדונג מיט די נעמען, זאָל

דער לערער איצטער אַנפירן דאָס, וואָס ס'ווערט דאָ רעקאָמענ־
דירט; אויב יאָ — דאָס אדורכלאָזן.

ל. מיר קענען שוין איצטער צוויי לידלאַך אויף אויסנ־
ווייניק. איך דענק, אַז ס'וואָלט געווען זייער גוט, ווען מיר
וואָלטן ביי זיך פאַרשריבן די לידלאַך, כדי מיר זאָלן זיי קיינ־
מאָל ניט פאַרגעסן. אָבער אַזוי ווי מיר קענען נאָך ניט גוט
שרייבן, וועלען מיר דערווייל אויפשרייבן די נעמען פון די ליד־
לאַך און אַז מיר'ן שוין קענען בעסער, וועלן מיר אויפשרייבן די
גאַנצע לידלאַך. ווי האָט געהייסן דאָס ערשטע לידל, וואָס מיר
האָבן געלערנט ?

ק. איינס, צוויי, דריי.

לערער שרייט אויף דעם נאָמען אויפן ברעט אַזוי :

דאָס ערשטע לידל : איינס, צוויי דריי.

ל. ווי האָט געהייסן דאָס צווייטע לידל ?

ק. רידל דערידל, די קאַץ מיטן פידל.

לערער שרייבט אויף :

דאָס צווייטע לידל : רידל דערידל, די קאַץ מיטן פידל.

ל. און איצטער שרייבט דאָס יעדער ביי זיך אין העפט.

דער לערער דאַרף אַרומגיין צווישן די קינדער און העלפן יע־
נע, וואָס באַגעגענען שוועריקייטן.

ד) **פאָנישע איבונגען** : אויפן ברעט איז אויפגעשריבן
„דאָס ערשטע לידל : איינס, צוויי, דריי ; דאָס צווייטע לי־
דל : רידל דערידל, די קאַץ מיטן פידל.“ דער לערער הייסט
די קינדער איבערלייענען ביידע זאַצן.

ל. גוט געלייענט. אָבער ווער קען מיר זאָגן, ווי דאָס
אַליין לייענט זיך (אַנווייזנדיק אויפן ע אין וואָרט „ערשטע“) ?
און דאָס (אַנווייזנדיק אויף נאָך אַן ע) ? און אַזוי מיט אַלע ע'ס.

לערער מאַכט ענלאַכע איבונגען מיט די קלאַנגען ר', ט',
ד', אַ', אָ'. בשעת די פאָנישע איבונגען, באַווייזט דער לע־

רער יעדעס מאָל דאָס געדרוקטע אות פֿאַר די קינדער, אָדער ער קען דאָס אַוועקגעבן דעם קינד, וואָס האָט געקאָנט איבערלייענען דעם קלאַנג. דערפֿון קען געמאַכט ווערן אַ גאַנצע שפּיל: זען וויפֿל אותיות ס'וועלן זיך אָנקלייבן ביי יעדן קינד דורך דער וואָך. סוף וואָך נעמט דער לערער צו אַלע אותיות ביי די קינדער. יעדעס קינד פֿאַרשרייבט ביי זיך אין העפֿט בלויז יענע אותיות וועמעס קלאַנג עס געדענקט ביים אומקערן זיי.

**די פֿערטע לעקציע**: לערער פֿירט אַ שמועס מיט די קינדער וועגן טאָג־פּאַסירונגען, ניים פֿון דער שול, אָדער וועגן דער מעשה, איידער ער טרעט צו צו ווייטערדיקער אַרבעט. אַנשטאָט דעם קענען די קינדער עפּעס דערציילן, ווי: רעטענישן, וויצן, מעשה'לאַך, א. אז. וו.

א) **ליד אויף אויסנווייניק**:

ל. איך וועל אייך היינט דערציילן אַ מעשה'לע מיט אַ מיידעלע, וואָס איז געבליבן אַליין אינדערהיים און האָט ניט געקענט אַרויסגיין. הערט דאָס מעשה'לע:

עטל די קליינע
האָט געשפּילט זיך אין קיך,
איז געקומען דאָס קעצל
און פֿאַרשלעפּט אירע שיך;
זיצט עטל די קליינע
אין שטוב איצט אַליין,
און וואַרט ביז די מאַמע
וועט קומען צוגיין.

ל. ווער פֿון אייך וואָלט אונז געקענט זאָגן, וואָס ס'האָט פּאַסירט מיט'ן מיידעלע?

ק. דאָס קעצל האָט צוגענומען די שיך ביים מיידעלע.

ל. ווי הייסט דאָס מיידעלע?

ק. עטל.
ל. וואו האָט זיך דאָס עטל געשפּילט?
ק. אין קיך.
ל. פאַרוואָס איז זי ניט געגאַנגען דערציילן דער מאַמען, וואָס דאָס קעצל האָט געטאָן ?
ק. זי האָט ניט געהאַט קיין שיך.
ק. זי האָט מורא געהאַט פאַר דער קאַץ.
ק. זי איז נאָך געווען זייער אַ קליינע.
ל. איך זע, אַז איר פאַרשטייט דאָס מעשה'לע זייער גוט. איך וועל עס אויפשרייבן אויפן ברעט און זען צי איר וועט עס קענען איבערלייענען. אָבער לאָמיר עס פריער איבערדערציילן (לערער דעקלאַמירט נאָכאַמאָל דאָס לידל, דערנאָך מיט אַלע קינדער און שרייבט עס אויפן ברעט).

ב) **לייענען אידיש** : די קינדער וועלן איצטער אַ סך לייכטער שוין קענען אַנווייזן אויף ווערטער און זאַצן אויפן ברעט. דער לערער דאַרף זען זיך אָפּגעבן מיט יענע קינדער, וואָס זייַנען אַ ביסל הינטערשטעליק.

ל. אַט איז דאָס מעשה'לע. ווער פון אייך קען צוגיין צום ברעט און מיר ווייזן די שורה „עטל די קליינע" : „זיצט עטל די קליינע" ; ווער קען מיר ווייזן דאָס וואָרט „מאַמע", „די", „קעצל" ? לערער פירט דורך ענלאַכע איבונגען מיט די ווערטער : קליינע, צוגיין, שיך, שטוב, אַליין.
ל. ווער קען צוגיין און אָפּמעקן דאָס וואָרט „מאַמע", „עטל", „שיך", „די", „קומען"

דער לערער פילט צוריק אויס די אָפּגעמעקטע ווערטער, ווי אין דער פריערדיקער לעקציע. די קינדער דאַרפן פריער אָנווייזן אויף וואָס ס'פעלט און דערנאָך שרייבט דער לערער.
נאָכן אויספילן אַלע ווערטער זאָלן איינציקע קינדער איבער־

לייענען דאָס לידל, כדי דאָס בעסער צו קענען אויף אויסנווייניק.

ג) שרייבן אידיש: זאָלן קינדער פאַרשרייבן, נאָכדעם ווי זיי האָבן דאָס איבערגעלייענט (זע פריערדיקע לעקציע). דעם נאָמען פון דעם נייעם לידל, אזוי:

## דאָס דריטע לידל: עטל די קליינע

אויף אַן ענלאכן אופן קען דער לערער דורכפירן, אַז די קינדער זאָלן פאַרשרייבן ביי זיך אין די העפטן די נעמען פון די מעשות, וואָס ער האָט דערציילט. אויב קינדער קומט אָן שווער דאָס צו פאַרצייכענען, זאָל דער לערער טאָן, ווי ביים לערנען שרייבן די נעמען: צוערשט פראַקטיצירן אויף אַ שטיקל פאַפיר און דערנאָך פאַרשרייבן אין העפט.

ג) פאָנישע איבונגען: לערער שרייבט אויף אַלע ווערטער פון די לידלאַך, וואָס די קינדער קענען שוין איבערלייענען, ווי: אָט, ער, שנעל, ניט, קאַץ, קעצל, פידל, טאָפּ, עטל און אַנדערע (און דער לערער וואָלט געדאַרפט פירן ביי זיך אַ ליסט פון די ווערטער וואָס די קינדער לערנען זיך אויס אין יעדער לעקציע) און הייסט זיי דאָס איצטער לייענען. מ ע ק ט אָפּ די ווערטער, וואָס די קינדער ווייסן ניט. פירט נאָכדעם דורך די פאָנישע איבונגען, ווי פריער אָנגעוויזן, אָבער שטעלט זיך קודם כל אָפּ אויף די קלאַנגען פון דער לעצטער לעקציע: ע, ר, ט, ד, אַ, אָ., פאַר דער לעקציע קען דער לערער צוגעבן די פאָלגנדיקע קלאַנגען: י, ל, ב; פּרובירט אויך אַנאַליזירן די קלאַנגען פון אַ גאַנץ וואָרט, לאָמיר זאָגן: עטל, שנעל, ער, אָדער אַנדערע.

ה) שפּיל: די פאָלגנדיקע רעקאָמענדירטע שפּיל איז אַ גוטע לעקציע אין לערנען לייענען אידיש. נאַטירלאַך דאַרף זיך דאָס ניט פילן אין שפּיל.

לערער: לאָמיר זיך פאָרשטעלן, קינדער, אַז מיר זיינען אין „קאַנטרי“ אויף אַ פאַרם. ווער פון אייך איז אַמאָל געווען אויף אַ פאַרם? וואָס האָט איר דאָרט געזען? פּירט אַזוי די פּראַגעס, אַז די קינדער זאָלן אויסרעכענען די נעמען פון פאַרשידענע פאַרם חיות. ווען אַ קינד רופט אַן אַ נאָמען פון אַ חיה, וואָס קומט אַריין אין שפּיל, דאַרף דאָס דער לערער גלייך אויפשרייבן אויפן ברעט.

דער לערער האָט פון פריער צוגעגרייט די נעמען פון די פאָלגנדיקע חיות אָפּגעדרוקט אויף קאַרטאָן: קו, אָקס, פערד, הונט, קאַץ, גאַנז, קאַטשקע, הון, האָן, אינדיק, טויב, פויגל, ציג, באָק, א. א.

ל.: איך וועל זיין דער פאַרמער (ווען מ׳שפּילט דאָס אַ צווייט מאָל דאַרף אַ קינד נעמען די ראָלע), און איר וועט זיין די פאַר־שידענע חיות אויפן פאַרם. ווען איך וועל רופן עמיצן פון אייך, ראַרפט איר זיך אויפשטעלן, זיך אַרומדרייען און זיך צוריק אוועק־זעצן. איך וועל יעדן פון אייך געבן אַ קאַרטל אויף וועלכן ס׳איז אויפגעשריבן דער נאָמען פון דער חיה (אויב ס׳זיינען פאַראַן מער קינדער, ווי די נעמען פון די חיות, קען דער לערער געבן דעם נאָ־מען פון איין חיה צו צוויי קינדער). אַזוי אַרום וועט איר וויסן, ווען אויפצושטיין. ווער ס׳וועט ניט אויפשטיין, פאַלט אַרויס פון שפּיל און מוז אָפּגעבן דאָס קאַרטל.

לילי, נאַדיר דיין קאַרטל. דו ביסט אַ קאַטשקע (אַ געלעכטער פון די קינדער!). לייבל, נאַדיר דיין קאַרטל. דו ביסט אַן אָקס! אַזוי טוט דער לערער מיט אַלע קינדער. ווען די ווערטער זיינען פאַנאַנדערגעטיילט, פירט דער לערער דורך די שפּיל. קינדער, וואָס פאַרלירן, דאַרפן זיך זעצן אַן אַ זייט.

אויסרופן דאַרף דער לערער אַזוי: „דער פאַרמער דאַרף האָבן די קאַטשקע!“ „דער פאַרמער דאַרף האָבן דעם אָקס!“ א. אַז. וו.

פינפטע לעקציע: כדי ארויסצורופן מער אינטערעס מצד די קינדער פאר דער ארבעט, לערנען לידלאך, דערציילן מעשה׳לאך, וויצן, רעטענישן, א. אז. וו. זאל דער לערער דאס מאל דערקלערן די קינדער, אז נאכדעם, ווי די קינדער וועלן קענען א צען לידלאך אויף אויסנווייניק און די אנדערע ארבעטן, וועט דער קלאס דורכ־פירן א קאנצערט פאר די אנדערע קינדער פון דער שול און די עלטערן. אויף דעם קאנצערט זאלן די קינדער דעקלאמירן די ליד־לאך, דורכפירן דראמאטיזאציעס פון מעשה׳לאך, דערציילן וויצן, א. אז. וו.

א) ליד אויף אויסנווייניק: לערער הערט פריער אויס דאס לעצטע לידל.

לערער: איר ווייסט, קינדער, אסך מאל, ווען קליינע קינדער־לאך וויינען און די מאמעס ווילן, אז זיי זאלן שווייגן, דערציילן זיי די קינדערלאך א מעשה מיט זיידעס און באבעס, וואס כאפן צו אזעלכע קינדערלאך און טראגן זיי אוועק אין גרויסע טארבעס. האט עמיצער פון אייך אמאל געהערט אזא מעשה׳לע? די קליינע קינדערלאך מיינען, אז דאס איז אמת און א סך מאל הערן זיי טאקע אויף צו וויינען. ווילט איר הערן א לידל וועגן דעם?

הערט! (דער לערער דעקלאמירט דאס לידל „די זיידעס מיט די באבעס" פון ערשטן טייל).

ווער פון אייך וואלט געקענט מאכן א מעשה׳לע דערפון? צ. ב. אזוי: „אמאל איז געווען א קליין אינגעלע". ווער פון אייך קען דערציילן ווייטער? (לערער לאזט איין קינד דערציילן. אויב דאס קינד בלייבט שטיין, זאלן אנדערע קינדער ארויסהעלפן).

לערער: לאמיר זען, קינדער, צי וועט איר קענען דאס טאן: איך וועל איבערזאגן דאס לידל, אבער דאס לעצטע ווארט פון יע־דער שורה זאלט איר מיר אנגעבן. לאמיר זען. איך הייב אן:

די זיידעס מיט די —

קומען פון אַלע —
מיט די גרויסע —
און אַזוי מיטן גאַנצן לידל.

לערער שטודירט איין דאָס לידל מיטן גאַנצן קלאַס.

ב) לייענען אידיש: שרייבט אויף אויפן ברעט איינס פון די געלערענטע לידלאַך, לאָמיר זאָגן: עטל די קליינע. שרייבט אויף דאָס לידל ניט אין סדר, נאָר די שורות צעוואָרפן, אַזוי:

וועט קומען צוגיין
עטל די קליינע
איז געקומען דאָס קעצל
האָט געשפּילט זיך אין קיך
און וואַרט ביז די מאַמע
אין שטוב זיצט אַליין
און פאַרשלעפּט אירע שיך
זיצט עטל די קליינע.

לערער: איך האָב אויפגעשריבן אַ לידל, וואָס מיר קענען אויף אויסנווייניק, אויפן ברעט. דאָס לידל איז ניט ריכטיק אויפגעשריבן. די שורות זיינען צעוואָרפן, וואָס ס'קומט פריער שטייט שפּעטער, א. אַז. וו. איך וויל, אַז איר זאָלט מיר איבערלייענען דאָס לידל, ווי עס דאַרף צו זיין. אָבער פריער זאָגט מיר: ווי הייסט דאָס לידל? קוקט זיך פריער גוט צו איידער איר ענטפערט.

ק. עטל די קליינע.

ל. נו, ווער קען צוגיין און עס איבערלייענען? איך וויל, אַז ווען איר וועט לייענען, זאָלט איר מיר אָנווייזן וועלכע שורה איר לייענט. נו, לייען דו, הײמי! (הײמי לייענט איבער איין שורה: אַנדערע קינדער העלפן אים אַרוים).

ל. גוט געלייענט. ווער פון אייך וואָלט דאָס געקענט איבער־

לייענען אזוי ווי עס שטייט אנגעשריבן? (לערער לאָזט יעדן עפּעס איבערלייענען).

ל. לאָמיר אויך זען, קינדער, צי געדענקט איר, וואָס מיר האָבן דאָס לעצטע מאָל געשפּילט. איך וועל ווייזן אַ קאַרטל, און דער פון אייך, וואָס וועט דערזען, אַז דאָס איז געווען זיין נאָמען, יענער זאָל דאָס איבערלייענען (לערער באַווייזט איינציקווייז אַלע נעמען פון די חיות).

ג) **שרייבן אידיש**: די ערשטע זאַך דאַרפן די קינדער דאָס מאָל פאַרשרייבן ביי זיך אין די העפטן דעם נאָמען פון דעם נייעם לידל, אזוי: דאָס פערטע לידל: די זיידעס מיט די באַבעס.

לערער: מיר וועלן היינט זען, ווער פון אייך עס קען שוין גוט שרייבן. איך וועל אויפשרייבן אַ וואָרט אויפן ברעט און וועל אייך לאָזן קוקן דערויף ווילאַנג איר וועט וועלן. דערנאָך וועל איך עס אָפּמעקן און איר וועט עס דאַרפן שרייבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר. קיינער פון אייך זאָל דאָס ניט שרייבן, איידער איך האָב עס אָפּגעמעקט. איך הייב אָן!

לערער שרייבט אויפן ברעט דאָס וואָרט „אַט".

ל. זעט ווי איך שרייב דאָס וואָרט (שרייבט). ווער לייענט עס איבער? — גוט. איצטער פּרובירט שרייבן דאָס וואָרט מיטן פינגער אין דער לופטן, אזוי ווי איך טו דאָס (לערער טוט דאָס). איצטער פאַרמאַכט אַלע די אויגן. ווער פון אייך קען „זען" דאָס וואָרט „אַט" ווען איר האַלט די אויגן פאַרמאַכט? דו קענסט ניט, סיידי? קענסטו זען אַ פּעני, ווען דו פאַרמאַכסט די אויגן? נו, גיב נאָכאַמאָל אַ קוק אויפן וואָרט. איצטער פאַרמאַך די אויגן. נו, זעסטו עס איצטער בעסער? נו, איצטער מעק איך אָפּ דאָס וואָרט „אַט" (טוט דאָס), זייט גרייט צו שרייבן. נעמט די בליי-פּעדערס. שרייבט.

5. לייגט אוועק די בלייפעדערס. איך וועל אויפשרייבן אַ אַנדער וואָרט. איך שרייב (לערער שרייבט אויף דאָס וואָרט „ער"). ווער פון אייך קען עס איבערלייענען?

אויף דעם זעלבן אופן שרייט דער לערער אויף די ווערטער: די, עטל, מאַמע. מעקט אָפּ איידער די קינדער שרייבן. געוויינט זיי צו „זען" דאָס וואָרט מיט פאַרמאַכטע אויגן, אָדער שרייבן דאָס וואָרט אין דער לופטן. נאָכן לעטצן וואָרט נעמט דער לערער צו אַלע פּאַפּירן און בעסערט זיי אויס. ס'איז ראַטזאַם צו געבן די קינדער צייכנס. דער באַזיס דאַרף זיין פּראָצ. 100.

ד) שפּיל: די זעלבע שפּיל, ווי חיות, נאָר מיט געענדערטע נעמען. דאָס מאָל קאָן דער לערער צוגרייטן אַ ליסט מיט נעמען פון הויז־מעבל, אָדער שול־מכשירים, אָדער עסנוואַרג, אָדער קליידער, א. אז. וו. אויב הויז־מעבל — איז דער אָנפירער אַ סטאָליער; אויב שול־מכשירים — אַ לערער; אויב עסנוואַרג — הענדלער: אויב קליידער — שניידער, א. אז. וו. מ'קען יעדעס מאָל נעמען אַן אַנדערע סעריע, אויב די קינדער קענען גוט איבערלייענען די נעמען פון דער פריערדיקער שפּיל.

זעקסטע לעקציע: דאָס איז דער סוף פון דער צווייטער וואָך אַרבעט. די דאָזיקע לעקציע דאַרף דער עיקר אָפּגעגעבן ווערן פאַר איבער'חזר'ונגען און פאַר דער פאַרפעסטיקונג פון דעם געלערנטן.

א) ליד אויף אויסנווייניק: קינדער שטודירן איין דאָס ליד „די זיידעס מיט די באָבעס". נאָכדעם ווי די קינדער קענען דאָס ליד, מאַכט דער לערער אַ פאַרהער צו זען, ווער ס'קאָן די פריערדיקע דריי לידער.

ב) לייענען אידיש: שרייבט אויף דאָס ליד „די זיידעס

מיט די באָבעס" אויפן ברעט, זאָלן עס אַלע קינדער איבערלייענען, צוזאַמען.

לערער: ווער פון אייך קען געפינען די שורה „מיט די גרויסע טאַרבעס"? „אין די גרויסע טאַרבעס"? ווער קען געפינען דאָס וואָרט „זיידעס", „באָבעס", „קינדערלאַך", שטעקנס"?

דאָס מאָל קען דער לערער שוין אויספרעגן אויף אַלע ווערטער פון לידל. אנשטאָט די קינדער זאָלן צוגיין צום ברעט, זאָל דער לערער אָנווייזן אויף אַ וואָרט און פרעגן: „ווי לייענט זיך דאָס וואָרט? ווי לייענט זיך די שורה?"

די אַרבעט פון אָפּמעקן קען אויך וואַריאירט ווערן. דער לערער אַליין מעקט אויס עטלעכע ווערטער און די קינדער דאַרפן אָנווייזן, וואָס מ'דאַרף צושטעלן. אויסמעקן די פּאַלגנדיקע ווערטער: די, באָבעס, אַלע, טאַרבעס, מיט, קינדערלאַך, ניט, גרויסע אריין.

פאַרהערן די קינדער אין די נעמען פון די לעצטע שפּילן.

ג) **פּאָנישע איבונגען**: לאָזט דאָס ליד „די זיידעס מיט די באָבעס" אויפן ברעט. פירט אָן די פּאָנישע איבונגען אויף די פּאַלגנדיקע אותיות: ע, י, ז, ר, ט, אַ, ל, אָ, ד, וו, נ, ס, ק, ז. שטעלט זיך איבערהויפּט אָפּ אויף די נייע קלאַנגען: ק, ז, וו, ס און ז.

ד) **שרייבן אידיש**: פירט דורך די זעלבע שרייב־אַרבעט אין אויסלייגן, ווי אין דער פינפטער לעקציע. פאַר דער לעקציע נוצט די ווערטער: שטייט, גייט, שנעל, שוועל, דאַך, זאַך, לאַך.

## זיבעטע לעקציע

א) **ליד אויף אויינווייניק**: דאָס לידל פאַר דער לעקציע איז „בערל לעקער". איידער איר דעקלאַמירט דאָס לידל פאַר די קינדער, איז נייטיק זיי פריער אויפמערקזאַם צו מאַכן, אַז דאָס לידל איז אביסל שווער צו לערנען ווייל אסך צעטומלען זיך מיט

די צוויי ווערטער „לעקער" און „בעקער", וואָס קומען פֿאָר אין לידל.

לערער: איך וועל פֿאַר אייך דעקלאַמירן אַ לידל, וואָס הייסט „בערל לעקער". ווייסט איר וואָס ס'מיינט אַ לעקער? (קינדער גיבן אָן זייערע ענטפֿערס) געבעקס? גוט. ווען איך וועל עס זאָגן זאָלט איר זיך גוט צוהערן, אַז ניט וועט איר עס ניט קענען אויס־לערנען.

לערער דעקלאַמירט דאָס לידל.

לערער: פֿאַרוואָס האָט דער בעקער ניט געגעבן בערלען קיין געבעקס? ווער פֿון אייך וואָלט געקענט דערציילן דאָס מעשה'לע אַזוי:

אַמאָל איז געווען אַ אינגל. האָט ער געהייסן בערל. בערל איז געווען — ווער פֿון אייך קען ווייטער דערציילן?

נאָכדעם, ווי די קינדער האָבן דערציילט דאָס מעשה'לע, זאָגט דער לערער איבער דאָס לידל און די קינדער נעמען עס לערנען אויף אויסנווייניק.

ב) לייענען אידיש: לערער שרייבט אויף דאָס לידל אויפֿן ברעט און לייענט עס איבער, אָנווייזנדיק מיטן פֿינגער אויף יעדן וואָרט בשעת ער לייענט. קינדער לייענען עס איבער צוזאַמען און עטלאָכע באַזונדער.

לערער ווייזט אָן אויפֿ'ן וואָרט „לעקער" און פֿרעגט די קינ־דער: „ווי לייענט זיך דאָס וואָרט?" און דאָס (אָנווייזנדיק אויף „בעקער") ? דאָס זעלבע מיט די ווערטער: פּרייטיק, זעקס, בערל, זיס, געבעקס, געלט, אַט, דאָס, וואָס, מיר.

זאָלן די קינדער אויסמעקן די אַלע ווערטער דערנאָך. לערער שרייבט זיי צוריק אויף און די קינדער לייענען איבער דאָס לידל צום לעצטן מאָל.

ג) פֿאָנישע איבונגען: צו די פֿריערדיקע קלאַנגען, וואָס די קינדער קענען שוין מער, אָדער ווינציקער, דאַרפֿן אין דער

לעקציע צוגעגעבן ווערן די צוויי נייע קלאנגען: ב׳ און ג׳. אין דעם ליד געפינען זיך כמעט אלע קלאנגען, וואס די קינדער האבן ביז אהער געלערנט, און דער לערער דארף זען אויסנוצן דאס לידל פאר א מין פארהער אין דערקענען קלאנגען.

נאך די דאזיקע איבונגען זאל דער לערער אפמעקן דאס ליד און אויפשרייבן אלע געלערנטע קלאנגען. לערער גייט איינמאל זיי איבער מיט די קינדער און לאזט די קינדער זיי פארשרייבן אין העפט.

ד) **שרייבן אידיש**: לערער ווייזט אז די קינדער, ווי גוט ס׳וואלט געווען, ווען מיר וואלטן יעדעס מאל געקענט פארשרייבן דעם טאג, ווען מיר טוען עפעס אין שול. „אז מ׳פארשרייבט ניט דעם טאג, קען מען קיינמאל ניט וויסן, ווען מ׳האט געלערנט דאס ערשטע לידל, ווען דאס צווייטע; ווען מ׳האט עפעס געשריבן; און צו געדענקען דאס אלץ איז צו שווער. וואס וואלט איר גע־וואלט טאן, קינדער, כדי מיר זאלן דאס וויסן? (לערער לאזט די קינדער געבן עצות און פירט זיי ארויף אויפן געדאנק, אז דער איינציקער אויסוועג איז: זיך אויסלערנען צו שרייבן דעם נא־מען פון טאג און די דאטע פון מאנאט אויפן פאפיר, אדער אין העפט.

ל. נו, לאמיר זיך אויסלערנען שרייבן די נעמען פון די טעג צוערשט. וואסער טאג איז היינט?

ק. מאנטיק.

ל. וואס איז דער ערשטער טאג פון וואך? דער צווייטער? דער דריטער? און אזוי מיט אלע טעג. לערער שרייט אויף אויפן ברעט די נעמען פון די טעג, אזוי:

| | |
|---|---|
| זונטיק | מיטוואך |
| מאנטיק | דאנערשטיק |
| דינסטיק | פרייטיק |

שבת

לערער לייענט איבער די נעמען פון די טעג מיט די קינדער און הייסט זיי דאָס פּראַקטיצירן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר.

זעט אויך, אַז די קינדער זאָלן פאַרשרייבן דעם נאָמען פון דעם נייעם לידל: דאָס פינפטע לידל: בערל לעקער.

אַכטע לעקציע: פירט דורך אַ פאַרהער פון אַלע לידלאַך און שטעלט זיך דערהויפּט אָפּ אויף דער פאַרפעסטיקונג פון לעצטן לידל „בערל לעקער". ביים איינשטודירן דאָס לעצטע לידל איז כדאי צו לאָזן עטלאַכע קינדער עס דראַמאַטיזירן. איין קינד נעמט די ראָלע פון בערל לעקער, אַ צווייטס פון בעקער און אַ דריט קינד לייענט פאָר ביז זייערע פראַגעס און ענטפערס.

א) לייענען אידיש: שרייבט אויף אויפן ברעט דאָס לידל „די זיידעס מיט די באָבעס" מיט די זאצן צעוואָרפן, אַזוי:

מיט די לאַנגע שטעקנס
ווילן גוט ניט זיין
מיט די גרויסע טאָרבעס
די זיידעס מיט די באָבעס
כאַפּן זיי אריין
קומען פון אַלע עקן
אין די גרויסע טאָרבעס
און קינדערלאַך, וואָס וויינען.

לערער: אָט איז אַ לידל, וואָס מיר קענען אַלע אויף אויסנ־ווייניק. קוקט זיך גוט צו און זאָגט מיר, ווי הייסט דאָס דאָזיקע לידל?

קינד: די זיידעס מיט די באָבעס.

ל.: ווער פון אייך קען צוגיין און עס איבערלייענען? (בשעת אַ קינד לייענט, דאַרף דער לערער זען, אַז דאָס קינד זאָל אָנווייזן וועלכע שורה עס לייענט).

ל.: גוט. ווער קען עס לייענען, ווי ס'איז געשריבן? ווער

לייענט איבער די ערשטע שורה? די צווייטע? (אזוי מיט אלע).

ל.: לאמיר זען צי קענט איר דאס גוט לייענען. איך וועל מאכן אויפן ברעט שטיגן פון ווערטער. די פון אייך, וואס קענען לייענען גוט, וועלן ארויף אויף די שטיגן און בלייבן אויבן (ד. ה. לערער פארשרייבט דעם נאמען פון קינד ביים ערשטן ווארט). און די, וואס וועלן ניט קענען ארויף, זיי וועלן ניט קענען איבער־לייענען אלע ווערטער, וועלן בלייבן שטיין אונטן (לערער שרייבט אויף זייערע נעמען אונטן). אט מאך איך שטיגן פון ווערטער:

זיידעס

באבעס

טארבעס

שטעקנס

קינדערלאך

וויינען

ל.: מיר וועלן אנהייבן פון אונטן, פון דער ערשטער שטיג. ווער הייבט אן? דו, עטל? נו, גוט, אבער זע דו זאלסט ניט אראפפאלן.

דאס קינד הייבט אן לייענען. אויב עס מאכט א טעות ביים צווייטן, אדער דריטן ווארט, הייסט עס „אראפגעפאלן" און מוז אנהייבן נאכאמאל פון אנהייב. אויב עס קען אינגאנצן ניט לייע־נען ווייטער, שרייבט דער לערער אויף דעם נאמען פון דעם קינד אויפן ברעט לעבן דעם ווארט, וואו ס'איז געבליבן שטיין.

אויב די ווערטער זייענען נאך צו שווער, קען דער לערער נוצן אזעלכע, וואס די קינדער קענען שוין בעסער און איבערגיין צו די שווערערע.

ב) פאנישע איבונגען: פאר פאנישע איבונגען אין דער לעקציע נוצט די „שטיגן"־ווערטער: זיידעס, באבעס, טארבעס, שטעקנס, קינדערלאך און וויינען. שטעלט זיך צוערשט אפ אויף די „יי" (עי) אין „זיידעס" און „וויינען" און דערנאך נעמט אנא־

ליזירן אַלע קלאַנגען פון די ווערטער. מיטן אויסנאַם פון ך, האָבן די קינדער פון פריער שוין געהאַט אַלע קלאַנגען און זיי דאַרפן זיי שוין איצטער דערקענען. צוערשט נעמט דעם ע, דערנאָך דעם ם און אין סדר: אָ, אַ, ב, ד און די איבעריקע. אַנאַליזירט איצטער וואָרט נאָך וואָרט.

ג) שרייבן אידיש: זאָלן די קינדער אַרונטערשרייבן פון ברעט די אַלע „שטיגן"־ווערטער, וואָס איר האָט באַנוצט פאַר די איבונגען. איבער די ווערטער אויפן ברעט, שרייבט דער לערער אויף די דאַטעס, וואָס די קינדער דאַרפן אויך קאָפּירן.

די ניינטע לעקציע: דאָס איז די לעצטע לעקציע פון דער דריטער וואָך. דערמאָנט די קינדער, אַז אין אַ וואָך אַרום וועלן זיי שוין באַקומען די ביכער און וועלכע זיי וועלן אָנהייבן לייענען לידלאַך און מעשה'לאַך. די קינדער דאַרפן זיך אָבער גוט צוגרייטן דערצו.

א) ליד אויף אויסנווייניק:

לערער: אַמאָל האָט אַ קינד געבעטן אַ מעשה'לע ביי זיין מאַמען. האָט די מאַמע געוואָלט מיט אים אַביסל שפּאַסן, האָט זי אים אַזאַ מעשה'לע דערציילט (לערער דעקלאַמירט דאָס לידל: „אַמאָל איז געווען אַ הון מיט אַ האָן"). מיט וואָס האָט די מאַמע געענדיקט דאָס מעשה'לע?

קינד: מיט אַ קאַץ און אַ מויז.
ל.: מיט וואָס הייבט זיך אָן די מעשה?
ק.: מיט אַ הון און מיט אַ האָן.
ל.: און דערנאָך?
ק.: קו מיט אַ קאַלב.

און אַזוי ביז די איבעריקע טיילן זיינען אָנגערופן געוואָרן. לערער זאָגט איבער דאָס לידל מיט אַלע קינדער.

ב) לייענען:

ל.: איך וועל אנשרייבן דאָס לידל אויפן ברעט און זען צי וועט איר עס קענען איבערלייענען (שרייבט).

ל.: ווער קען מיר ווייזן „די מעשה הייבט זיך אָן"! „די מעשה איז שוין האַלב"; „די מעשה איז שוין אין מיטן"; „די מעשה איז שוין אַ ברעקעלע": „די מעשה לאָזט זיך אויס"?

ל.: ווי לייענט זיך דאָס וואָרט (ווייזט אויף „אַמאָל")? און דאָס (ווייזט אויף „הון")? און אַזוי מיט די ווערטער: האָן, קו, קאַלב, וואָגן, שליטן, שטאָק, שטעקעלע, קאַץ און מויז (אין סדר).

לייענט איבער ס'גאַנצע לידל מיט די קינדער. זאָלן דערנאָך די קינדער צוגיין איינציקווייז צום ברעט און אויסמעקן וועלכעס וואָרט זיי ווילן. זיי מוזן אָבער פריער לייענען דאָס וואָרט פאַרן קלאַס. אויב ס'איז ריכטיק, זאָלן די קינדער אויסרופן „מעק! מעק!" טאָמער ניט, רופן די קינדער „ניין, ניין!"

ג) פאָנישע איבונגען: די לעקציע דאַרף דער לערער אויסנוצן פאַר איבונגען אויף די פאָלגנדיקע קלאַנגען: ז, מ, ש, און וו. די אַלע קלאַנגען ווערן אָפט איבערגע'חזר'ט אין דעם לידל. ווען די קינדער זיינען שוין באַקאַנט מיט די נייע קלאַנגען, מעקט אָפּ דאָס לידל פון ברעט און שרייבט אויף אַלע באַקאַנטע קלאַנגען אויפ'ן ברעט אין סדר, ווי זיי זיינען געלערנט געוואָרן: ע, ר, ט, ד, א, אָ, י, ל, נ, וו, ז, ק, ס, ב, ג, ו; מ, און ש. דעם (עי) לאָזט אויס. איבונגען אויף דעם קלאַנג דאַרפן געמאַכט ווערן נאָר אין גאַנצע ווערטער. לאָזט יעדעס קינד זיך אויפשטעלן און איבער־לייענען די קלאַנגען, וואָס עס וויים. טרעט ניט צו צו קיין אַנדערער אַרבעט ביז די קינדער וועלען די קלאַנגען גוט וויסן. די קינדער קענען איבערלייענען די קלאַנגען צוזאַמען, צו דריי קלאַנגען פאַר יעדן אָטעם־צוג: ע, ר, ט; ד,א,אָ; א. אַז. וו.

ד) **שרייבן**: פארשרייבן אין העפט: דאס זעקסטע לידל: „אמאל איז געווען א הון מיט א האן“. זאלן די קינדער שרייבן די פאלגנדיקע ווערטער אזוי ווי אין דער פינפטער לעקציע: לעקער, בעקער, געלט, זיידעס, באבעס.

**די צענטע לעקציע**: דערמאנט די קינדער, אז די וואך באקומען זיי שוין די ביכער. זאגט זיי, אז דאס בוך וועט הייסן „דאס ערשטע לייענבוך“. פרעגט זיי אויס, וואס ס'מיינט א לייענבוך.

א) **ליד אויף אויסנווייניק**: חזר'ט איבער דאס לעצטע לידל. זאל איין קינד אנהייבן „אמאל איז געווען א הון מיט א האן“ און דער קלאס זאל ענטפערן: די מעשה הייבט זיך אן. דערנאך פארקערט: דער קלאס זאגט די ערשטע שורה און א קינד ענטפערט.

ב) **לייענען**: שרייבט אויף אויפ'ן ברעט די אלע ווערטער, וואס די קינדער האבן געלערנט אין די אלע לידלאך. הייבט אן מיט די ווערטער פון לעצטן לידל: אמאל, הון, האן, קו, קאלב, וואגן, שליטן, שטאק, שטעקעלע, קאץ, מויז, בערל, לעקער, בעקער, פרייטיק, זעקס, געלט, מיר, דאס, אט, פעלט, זיידעס, באבעס, עקן, טארבעס, שטעקנס, קינדערלאך, וויינען, גוט, ניט, זיי, עטל, קליינע, קיד, קעצל, שיך, מאמע, ביז, פידל, דאך, הונט, לאך, טאפ, לעפעלאך, ער, דער, די, שנעל, קאפ, שוועל.

זאל יעדעס קינד פארצייכענען ביי זיך אויף א שטיקל פאפיר באטש פינף ווערטער, וואס עס קען איבערלייענען. ווען אלע האבן געענדיקט, רופט דער לערער אויס יעדעס קינד. בשעת א קינד לייענט א ווארט, ווייזט דער לערער אן אויף דעם זעלביקן ווארט אויפ'ן ברעט. ווען יעדעס קינד האט פארגעלייענט זיינע פינף ווערטער, לייענט דער לערער איבער אלע ווערטער מיט די קינדער. שטעלט אויס די ווערטער אין פינף ווערטיקאלע שורות, צו צען אין יעדער שורה.

טיילט אוים די קינדער די זעלבע ווערטער געדרוקט אויף קאר־טאָנען. זאָל יעדער זיי ברענגען צוריק צו דער נעקסטער לעקציע און קאָנען איבערלייענען זיינע ווערטער.

ג) פאָנישע איבונגען: נוצט די ווערטער אויפ'ן ברעט פאַר פאָנישע איבונגען. שטעלט זיך פריער אָפּ אויף די קלאַנגען פּ (פּידל, פּעלט, פּרייטיק, א. א.), פ (האָפ, טאָפ), ק און ה. גייט דערנאָך איבער די באַקאַנטע קלאַנגען, אַנאַליזירנדיק אויך גאַנצע ווערטער.

ד) שרייבן: זאָל יעדעס קינד צוגיין צום ברעט און אויפ־שרייבן וועלכעס וואָרט עס קאָן, אָדער מער פון איין וואָרט. אויב איין קינד מאַכט אַ טעות אין אויסלייגן, רופן אַנדערע קינדער אוים־צובעסערן.

ה) ליד אויף אויסווייניק:

ל.: איך וויל פאַר אייך דעקלאַמירן אַ ניי לידל, וואָס מיר וועלן לערנען דאָס קומענדיקע מאָל. אָבער איידער איך טו דאָס וויל איך וויסן: צי ווייסט איר וואָס מיינט „בעטלער", „לאַטעס", „זופּיצעס", „זייד"?

ל.: אַז איר פאַרשטייט שוין די ווערטער וועל איך אייך דע־קלאַמירען דאָס לידל (לערער דעקלאַמירט „קוקורעקו האָן!").

די עלפטע לעקציע: דערמאָנט די קינדער, אַז צו דער נעקסטער לעקציע באַקומען זיי שוין די ביכער. „ווי הייסט דאָס בוך, וואָס איר וועט באַקומען?" (שרייבט אויף דעם נאָמען אויפ'ן ברעט).

א) ליד אויף אויסווייניק: לערנט דאָס לידל „קוקורעקו האָן" אויף אויסווייניק. זאָלן דאָס קינדער דראַמאַטיזירן: אַרומ־לויפן איבער'ן קלאַס און אויסשרייען „קוקורעקו האָן!" און דער־

נאָך דערציילן דאָס איבעריקע אין אַ טאָן פון אַן אָנזאָג, וואָס קומט אַן פון אַ שליח.

ב) **לייענען**: לערער שרייבט אויף די פּופּיטער ווערטער פון דער לעצטער לעקציע אויפ'ן ברעט. אַלע קינדער לייגן אויס אויף זייערע טישלאַך די געדרוקטע ווערטער, וואָס זיי האָבן ס'לעצטע מאָל באַקומען (לערער דאַרף האָבן גרייט אַנדערע אין פאַל עמיצער האָט עפּיס פאַרלוירן).

ל.: (ווייזט אָן אויף איינס פון די ווערטער): ווער האָט דאָס וואָרט?

ק.: איך.

ל.: ווי לייענט זיך דאָס וואָרט? (קינד לייענט עס איבער).

אַזוי טוט דער לערער מיט אַלע ווערטער. נאָכדעם ווי אַ קינד האָט איבערגעלייענט אַ וואָרט, מעקט עס דער לערער אָפּ.

ג) **שרייבן**: זאָלן די קינדער פאַרשרייבן: דאָס זיבעטע לידל: קוקורעקו האָן!

נוצט די פאַלגנדיקע ווערטער פאַר שרייב־אַרבעט אַזוי ווי אין דער פינפטער לעקציע: אַמאָל, איז הון, האָן, קו, קאַלב, ער, דו, דאָס, דער. ביים אויסבעסערן די פּאַפּירן רופט דער לערער צו יע־דעם קינד צו זיך, אָדער ער גייט צו צו יעדן קינד, און ווייזט אָן וועלכע ווערטער זיינען ריכטיק געשריבן געוואָרן און וועלכע — ניט.

ד) **פאָנישע איבונגען**: גייט דורך אַלע געלערנטע קלאַנ־גען. פּאַראַלעל דערמיט באַקומט יעדעס קינד די אַלע קלאַנגען אָפּ־געדרוקט און דער לערער פירט דורך פאָלגנדיקע שפּיל: ער, אָדער אַ קינד, וואָס ווייס גוט די קלאַנגען, האַלט פאַר זיך די אַלע אותיות און רופט יעדעס מאָל אויס אַן אַנדערן קלאַנג פאַר די קינדער. יע־דעם קינד דאַרף דעם קלאַנג געפינען צווישען דער גאַנצער סעריע

און אומקערן דאָס צום לערער. ווער ס'בלייבט צום סוף אָן אותיות, האָט געוואונען די שפּיל.

דער לערער קען אויך נעמען די אַלע אותיות און זיי אויס־מישן און דערנאָך לאָזן די קינדער זיי סאָרטירן לויט קלאַנגען. יע־דעם קינד קלייבט אַן אַנדערן קלאַנג.

## די צוועלפטע לעקציע:

לערער: אַלזאָ, היינט באַקומען מיר שוין די ביכער. יעדער איינער פון אונז וועט איצטער שוין קענען אַהיימנעמען דאָס בוך, לייענען אין דער היים די מעשה'לאַך און לידלאַך, פאַרלייענען פאַר דעם טאַטן, אָדער מאַמען, אָדער אפשר פאַר דעם ברודערל, אָדער שוועסטערל. איך וועל אייך אָבער איצט נאָך נישט געבן די ביכער, קינ־דער; ניין, ניט איצט; מיר מוזן נאָך אויסלערנען איין לידל אויף אויסווייניק און זען ווער ס'געדענקט אַלץ, וואָס מיר האָבן געלערנט. אויב איר וועט קענען די אַלע זאַכן, וועל איך אייך זיי געבן.

א) ליד אויף אויסווייניק: לערער דעקלאַמירט דאָס לידל „ווער איז דאָס קינד". לערער דאַרף דורך אַ שמועס געבן די קינ־דער צו פאַרשטיין דעם באַהאַלטענעם מיין פון דער לעצטער שורה אין יעדער סטראָפע.

שרייבט דאָס לידל אויפ'ן ברעט און זאָלן עס די קינדער לער־נען לייענענדיק פון ברעט.

גייט אויפסניי דורך אַלע לידלאַך און שטעלט זיך דער עיקר אָפּ אויף דער ריכטיקער פאָרם פון דעקלאַמירן.

ב) פאָנישע איבונגען: שטעלט זיך צוערשט אָפּ אויף די קלאַנגען ב, יי (אי) אין וואָרט „שרייט", אַנאַליזירט דערנאָך די קלאַנגען פון גאַנצן לידל. נוצט דערביי די געדרוקטע אותיות און זעט אויף וויפיל די קינדער דערקענען זיי.

ג) שרייבן: לערער זעט, אז די קינדער זאָלן פאַרשרייבן דעם נאָמען פון נייעם לידל: דאָס אַכטע לידל: ווער איז דאָס קינד.

לערער: איך דענק, אז יעדער איינער פון אונז קען שוין אַ ביסל שרייבן. היינט באַקומען מיר שוין די ביכלאַך. אפשר וואָלטן מיר געשריבן אַ בריוול צו אונזערע עלטערן, אָדער צו אונזערע פריינד וועגן דעם? ווער פון אייך וויל שרייבן אַ בריוול? גוט, אַלע ווילן. אָבער אַזוי ווי איר קענט נאָך ניט שרייבן אַלץ, וועט איר מיר זאָגן, וואָס צו שרייבן און איך וועל עס אויפשרייבן אויפ'ן ברעט. ווער פון אייך וויל אָנהייבן?

אַ קינד: ליבע מאַמע.

אַ קינד: ליבע מאַמע און ליבער טאַטע.

ל.: לאָמיר טאַקע שרייבן „ליבע מאַמע און ליבער טאַטע". (לערער שרייבט דאָס אויפ'ן ברעט).

ל.: וואָס שרייבן מיר ווייטער?

ק.: מיר קענען שרייבן.

ק.: מיר קענען שרייבן און לייענען.

ק.: היינט גיט אונז דער לערער ביכלאַך אַהיים.

אַזוי הערט דער לערער אויס אַלע קינדער און קלייבט אויס יענע געדאַנקען, וואָס פּאַסן זיך אַריין אין אַלגעמיינעם בריוול. אַזאַ בריוול דאַרף מער, ווי עטלאַכע געדאַנקען ניט אַנטהאַלטן. סוף פון בריוול שרייבן די קינדער אונטער „דיין קינד", און דעם נאָמען. אַלע קינדער קאָפּירן דאָס בריוול אין זייערע העפטן אויב זיי קענען עס איבערלייענען פון ברעט.

גיט אַרויס די ביכלאַך ווען די קינדער גייען אַהיים.

די דרייצנטע לעקציע: די דאָזיקע לעקציע דאַרף דער לערער אָפּגעבן דער אַרבעט פון איבערגיין פון לייענען אויפ'ן ברעט צום לייענען אין בוך. כאָטש די קינדער זיינען אַ היפּש ביסל באַ־

קאנט געוואר מיט גאנצע ווערטער און באזונדערע קלאנגען פון די לידלאך דורך די שפילן און איבונגען אין די פריערדיקע לעקציעס, מוז דער לערער געדענקען, אז די דאזיקע באקאנטשאפט איז געווען אן אויבערפלאכלאכע, ניט פארבונדן מיט׳ן בוך און ניט אין שיכות צום גאנצן לידל. דאס איז מער נישט געווען, ווי א צו־גרייטונג. די דאזיקע צוגרייטונגס־ארבעט דארף איצטער פארפעס־טיקט ווערן אין בוך גופא און ערשט דאן וועלן די קינדער מעגן איבערגיין צו נייע מאטעריאלן.

א) קודם־כל זאלן די קינדער איבערלייענען די אכט גע־לערנטע לידלאך אין בוך. ס׳מאכט ניט אויס, וואס די קינדער וועלן דאס „לייענען אויף אויסווייניק" — מיר לייענען אלע אזוי. וואס מיר באצוועקן דערמיט איז: דאס קינד זאל, איבערגייענדיק דאס לידל, באמערקן אין בוך די גאנצע זאצן, ווערטער און קלאנגען, וואס עס האט זיך שוין פריער אויסגעלערנט דערקענען. זאל יעדעס קינד איבערלייענען כאטש איין לידל.

ב) די קינדער דארפן וויסן, אז מ׳לייענט איבער די אלע זאכן, כדי אויסצוגעפינען, וואס יעדער איינער קאן. זיי וועלן אזוי ארום מיט גרויס אינטערעס דאס וועלן באווייזן און דער לערער דארף דעם אינטערעס אויסנוצן פאר א געהעריקער קאנטראלירונג פון דער פריערדיקער ארבעט.

ג) זאל דער לערער באווייזן דעם נאמען פון א לידל אויף א קארטאן, געדרוקט, און לאזן די קינדער דאס געפינען אין בוך.

ד) באווייזט פאר די קינדער די אלע ווערטער פון די לידלאך אויף וועלכע מ׳האט זיך ספעציעל אפגעשטעלט אין די איבונגען אויפ׳ן ברעט. זאלן די קינדער זיי געפינען אין די ביכער. טוט דאס זעלבע מיט גאנצע זאצן, וואס זיינען זיי באקאנט.

ה) זאלן די קינדער זוכן אין די וויטערדיקע מעשה׳לאך אין בוך און געפינען אזעלכע ווערטער, וואס זיי קענען שוין פון פריער.

ו) זאָל יעדעס קינד אויסגעפינען א וואָרט, אָדער צוויי, פון די ערשטע אַכט לידלאַך, וואָס עס קען שרייבן. שרייבן זאָל מען אויפן ברעט. ווען איין קינד שרייבט אויף א וואָרט, זאָלן עס די איבעריקע קינדער זוכן אין בוך. דער לערער קען זיי זאָגן אין וועלכן לידל דאָס וואָרט געפינט זיך.

ז) דעקלאַמירט פאַר די קינדער דאָס נײַנטע לידל: דער־פעטער עליע. זאָלן עס די קינדער לערנען אין דער היים אויף אויסנווייניק און אין בוך.

## די פערצנטע לעקציע: דער פעטער עליע

א) נייע ווערטער: זעט צי די קינדער ווייסן, וואָס ס'מיינט „טרעפּ" און „דעליע".

ב) שמועס: ווער איז דער פעטער־עליע? ווי זעט ער אויס? אין וואָס גייט ער אָנגעטאָן? ווען דערציילט מען אזא מעשה'לע?

ג) פּאַראַפראַזע: זאָלן עטלאַכע קינדער דערציילן דאָס מעשה'לע אין אייגענע ווערטער. זאָל דער לערער אָנהייבן, אויב דאָס איז שווער פאַר די קינדער.

ד) דערקענען ווערטער: לערער רופט אויס די פאָלגנדיקע ווערטער פון לידל, שרייבט זיי אויפן ברעט בשעת מעשה, און די קינדער געפינען זיי אין בוך, אָנווייזנדיק מיטן פינגער אויף יעדן וואָרט: גאָס, פעטער, טרעפּ, דעליע, פענסטער, טיר, קינדערלאַך, בעט, מיר.

ה) לייענען: עטלאַכע קינדער לייענען פאַר דאָס לידל פון בוך און דערנאָך לערנט מען עס פון אויסווייניק.

ו) שרייבן: קינדער פאַרשרייבן אין די העפטן: דאָס נײַנטע לידל: דער פעטער עליע. נאָכדעם שרייבן זיי א קיצור פון דעם מעשה'לע אין עטלאַכע זאצן, וואָס די קינדער גיבן אָן און דער לערער שרייבט אויפן ברעט (פונקט ב').

ז) פאנישע איבונגען: לערער באַווייזט באַקאַנטע קלאַנגען און די קינדער געפינען זיי אין בוך. אַ וואַריאַציע דערפון קען זיין: די: זאָל יעדעם קינד אויסגעפינען וויפיל מאָל געוויסע קלאַנגען געפינען זיך אין דעם לידל; וויפיל מאָל ג', אַ', ס', א. אז. וו.

## די פופצנטע לעקציע: עליע-קאַפעליע

א) לערער דעקלאַמירט דאָס לידל אויף אויסווייניק. קינדער עפענען די ביכער און געפינען דאָס לידל.

ב) ווער איז עליע-קאַפעליע? ווי גייט ער אַנגעטאָן? וואָס האָט ער געבראַכט די קינדער? פאַרוואָס?

ג) קינדער לערנען דאָס לידל אויף אויסווייניק.

ד) לערער רופט אויס די פאָלגנדיקע ווערטער און די קינדער געפינען זיי אין בוך: פיס, זאָג, ניס, פלאָדן, זיבן, אכט, קינדער, נאכט, טאָג.

ה) פאנישע איבונגען דערהויפט אויף ס, כ, ן, פּ, פֿ, ד, ג, און ז.

ו) פאַרשרייבן דעם נאָמען פון דעם לידל: דאָס נייַנטע לידל: עליע קאַפעליע.

ז) שרייבן, ווי אין דער פינפטער לעקציע, די פאָלגנדע ווערטער: ווער, דאָס, קינד, מאַמע, וויסן, גאָס, זיס, זיבן, טאָג, בעט.

## די זעכצנטע לעקציע: פייגעלע, פייגעלע

(געוויסע קינדער, הערנדיק די פראַזע „פי, פי, פי" אין דעם לידל, וועלן זיך מסתמא דערמאָנען אָז אַן ענלאַכן ענגלישן אויסדרוק, וואָס וועט אַרויסרופן אַ געלעכטער צווישן זיי. זאָל דער לערער דאָס ניט אָננעמען, ווי אַן אורזאַך אויסצולאָזן דאָס לידל. סוף כל סוף וועלן זיי זיך דערצו צוגעוואוינען).

א) לערער דעקלאַמירט דאָס לידל אויף אויסנווייניק. זאָלן די קינדער געפינען דאָס לידל אין בוך.

ב) לערנען דאָס לידל אויף אויסנווייניק. איין קינד פרעגט, אַ צווייטער ענטפערט.

ג) אויפן זעלבן אופן, ווי פריער, זאָלן די קינדער געפינען די ווערטער: פייגעלע, טאַטע, קומען, פרי, מאַראַנצן, שטעלן, צו־דעקן, פּאַפּיר, עסן, דיר.

ד) אַנאַליזירט פּאַניש די פאָלגנדע פיר שורות: פייגעלע, פייגעלע! פּי פּי פּי! ווער וועט זיי עסן; איך מיט דיר.

ה) שרייבן די פאָלגנדע ווערטער: זיי, ווען, וועט, וואָס, פרי, מיט, דיר, טאַטע, מאַמע, גוטע. אויך: דאָס צענטע לידל: פייגעלע, פייגעלע.

## די זיבנצנטע לעקציע: די מומע זעלדע

א) לערער דעקלאַמירט דאָס לידל.

ב) קינדער לערנען עס אויף אויסנווייניק און דראַמאַטיזירן עס.

ג) קינדער לייענען עס פון בוך. נאָך איינמאָל אַדורכלייענע דאָס לידל, פירט דער לערער אַדורך פאָלגנדן פאַרהער: ווער לייענט איבער די דריטע שורה? די לעצטע? די ערשטע? די פערטע? און אַזוי מיט די איבעריקע.

ד) קינדער געפינען פאָלגנדע ווערטער: הענט, מיינע, שטי־מע, מאַטעלע, שטייט, מומע, האָסט, וויסן, נעמסט, צו.

ה) שרייבן די ווערטער: הענט, קען, שרייט, שטייט, מאַ־טעלע, פייגעלע, האָסט, דאָך, מיך, איך, אויך: דאָס עלפטע לידל: די מומע זעלדע.

## די אַכצנטע לעקציע: זיצן, זיצן, זיבן מייז.

א) לערער דעקלאַמירט דאָס לידל. דעקלאַמירט אַ צווייט מאָל און גיט צו פאַרשטיין, ווען איר קומט צו די ווערטער, וואָס כ'מיינט „דרינען" און „אויסן". דרינען — אַריין, אויסן — ווילסט אויך די ווערטער: „שטאָל" און „שפּינען".

ב) וויפיל מייז זיינען געוועזן אין שטאל? וואס האבן זיי געטאן? ווער איז אנגעקומען? וואס האט די קאץ געזאגט? וואס האט די קאץ געוואלט טאן? פארוואס האט זי געזאגט, אז זי וויל זיי העלפן?

ג) זאלן די קינדער פאראפריזירן דאס לידל: „אמאל זיינען געווען זיבן מייז. זיינען זיי געזעסן אין א שטאל", א. אז. וו.

ד) לערער שרייבט אויף די זאצן אויפן ברעט.

ה) קינדער לייענען דאס לידל פון בוך.

ו) זאלן די קינדער אנווייזן אויף די ווערטער: זיבן, שטאל, קאץ, קאפ, איך, אייך, פעדים, קעפ.

ז) פאנישע איבונגען אויף ץ, ז, ם, ד, ז, ג, פ, פ, ב.

ח) זאלן די קינדער קאפירן פון ברעט די פאראפראזע פון לידל. אויך: דאס צוועלפטע לידל: זיצן, זיצן, זיבן, מיין.

## די ניינצנטע לעקציע: א גרויסער פארדינער

א) לערער דעקלאמירט דאס לידל.

ב) ווער דערציילט דאס מעשה'לע? וועמען דערציילט ער עס? וויפיל געלט האט דאס קינד פארדינט? פארוואס פרעגט דאס קינד „וויפיל קומט דאס אויס צוזאמען?"

ג) קינדער געפינען דאס לידל אין בוך און לייענען עס איבער.

ד) דער קלאס לערנט דאס לידל אויף אויסווייניק.

ה) לערער: ווער לייענט איבער די ערשטע שורה: די לעצטע? די פינפטע? די ניינטע? און אזוי מיט אלע שורות.

ו) יעדער איינער אין קלאס זוכט אויס א ווארט אין לידל, וואס ער קען איבערלייענען. דער לערער שרייבט אויף די ווערטער אויפן ברעט.

ז) פאנישע איבונגען אויף וי (אויף, לויף, אויס), ף, פ.

ח) שרייבן די פאלגנדיקע ווערטער: אלע, פאפא, סענט,

מאַמען, הענט, קומט, הוט, גוט, זוכט, פון. אויך: דאָס דרייצנטע לידל: אַ גרויסער פאַרדינער.

---

די קינדער זיינען איצטער אדורכגעגאַנגען אַלע קלאַנגען (אַ חוץ די אויסנאַמען, וואָס זיינען שוין פריער דערמאָנט געוואָרן) וואָס געפינען זיך אין די פערצן געלערנטע לידלאַך. אויב די אַנ־ווייזונגען זיינען ווי געהעריק אויסגעפאָלגט געוואָרן, דאַרפן די קינדער איצטער זיין בכוח אַליין אָנצוהייבן לייענען לייכטע מעשה׳־לאַך. עס וועלן זיך אָבער, זיכער געפינען אין יעדן אָנפאַנגער־קלאַס געוויסע קינדער, וואָס באַהערשן נאָך ניט די אַלע דורכגעגאַנגענע מאַטעריאַלן און לערנען מיט זיי ווייטער אין בוך ווער אפשר זיי נאָך שטערן, איידער העלפן. אין אַזעלכע פאַלן דאַרף דער לערער אַ געוויסע צייט אָפּגעבן אינדיווידועל פאַר יעדן קינד, אויסגעפינען אין וואָס דאָס קינד איז הינטערשטעליק און דאָס אויסבעסערן.

די דריי פאָלקס לידלאַך, וואָס קומען איצטער אין בוך, זיינען, פון שטאַנדפּונקט פון אויסלערנען די קינדער דערקענען די קלאַנגען, אַ פולשטענדיקע איבער׳חזר׳ונג פון אַלע דורכגעמאַכטע איבונגען. די דריי לידלאַך אַנטהאַלטן אַלע קלאַנגען, אַ חוץ: וו, ם, און ץ; אדורכגייענדיק די דאָזיקע לידלאַך, וועלן די קינדער איבער׳חזר׳ן אַלע קלאַנגען.

די צוואַנציקסטע לעקציע: שלאָף, שלאָף, שלאָף.

א) לערער: עפנט די ביכער אויף זייט 21. ווער פון אייך קען איבערלייענען דעם נאָמען פון דעם לידל?

אַ קינד: שלאָף, שלאָף, שלאָף.

ל.: גוט. איך וועל איצטער איבערלייענען דעם ערשטן טייל פון לידל (לערער לייענט פאַר די ערשטע סטראָפע). ווער פון אייך קען איבערלייענען דעם צווייטן טייל?

דער לערער דאַרף ניט לאָזן די קינדער שטיין ביי שווערע

ווערטער. אָדער ער אַליין, אָדער דער קלאַס, דאַרף גלייך איבער־לייענען דאָס שווערע וואָרט. ווען דער לערער נוצט דעם צווייטן אופן, דאַרף ער איינשטעלן אַט די געוואוינהייט: ווי נאָר אַ קינד בלייבט שטיין ביי אַ וואָרט, רופט דער לערער אויס „קלאַס!" — אַ סימן אַז דער קלאַס, ווי אַ גאַנצער דאַרף איבערלייענען דאָס וואָרט.

ווען דער קלאַס האָט געענדיקט לייענען דאָס לידל, און דער לערער דאַרף זען, אַז יעדער זאָל עפּעס לייענען, פרעגט דער לערער: וועלכע זאַכן האָט דער פאָטער געבראַכט פון דאָרף? קינדער קוקן ווידער אַריין אין בוך און רעכענען אויס: אַן עפּעלע, אַ ניסעלע, אַן ענטעלע, אַ העזעלע און אַ פייגעלע.

ב) נייע סטראָפן: זאָלן קינדער פּרובירן צופּאַסן נייע סטראָפן צו דעם לידל. זאָלן זיי אויסזוכן גראַמען צו די פאָלגנדיקע ווערטער: בעקל (אָדער באַק), אויערל (אָדער אויער), בייכעלע.

ג) פאַרשרייבן אין העפט די ניי־געשאַפענע סטראָפן און דעם נאָמען פון דעם נייעם לידל: שלאָף, שלאָף, שלאָף.

ד) פאַנישע איבונגען אויף די קלאַנגען: ף, אָ, ל, ש, ר, ה. ע, נ, ט, אַ, ס.

די איינאונצוואַנציקסטע לעקציע: האָב איך אַ פּאָר אָקסן

א) שרייבט אויף אויפן ברעט דאָס וואָרט „וואונדער" און זאָגט די קינדער ווי עס לייענט זיך. שרייבט אויך אויף די ווער־טער: אָקסן, לאָקשן; בערן, קערן; ציגן, וויגן; פייגל, בייגל. זאָלן די קינדער קענען גוט לייענען די ווערטער, איידער מ'עפנט די ביכער.

ב) זאָל איין קינד פאַרלייענען דעם נאָמען פון לידל און די ערשטע סטראָפע. אַ צווייט קינד לייענט איבער די ערשטע צוויי שורות פון יעדער נייער סטראָפע און אַלע צוזאַמען —— דעם איי־בעריקן טייל.

ג) שרייבן: דעם נאָמען פון נייעם לידל און די פּאַלגנדיקע ווערטער, ווי אין דער פינפטער לעקציע: אָקסן, לאָקשן, בערן, קערן, ציגן, וויגן, בייגל, פייגל, איך איז.

## די צוויי־און־צוואַנציקסטע לעקציע: ווער ווייס איינס.

א) לערנט אויס די קינדער לייענען אויפן ברעט די פאָל־גנדיקע ווערטער: קעפּעלע, צעפּעלע, עקן, שטעקן, קרעפּל, בעקן, כאַפּ, איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף.

ב) זאָלן אַלע קינדער לייענען דאָס לידל פאַר זיך. דער לערער גיט פאָלגנדע דירעקטיוון: עפנט די ביכלאַך אויף זייט 25. זאָל יעדער איינער פון אייך איבערלייענען דאָס לידל „ווער ווייס איינס" פאַר זיך. קיינער זאָל אייך ניט הערן לייענען. ווען איר וועט האָבן געענדיקט, הייבט אויף די האַנט, וועל איך וויסן ווער ס'לייענט גוט און שנעל.

ג) ווען די קינדער האָבן געענדיקט לייענט מען דאָס לידל אין דער הויך, אַזוי: איין קינד פרעגט די פראַגע און אַ צווייט קינד ענטפערט, ביז יעדעס קינד האָט געהאַט אַ געלעגנהייט צו לייענען.

ד) שרייבן: נאָמען פון נייעם לידל: ווער ווייס איינס, און די נייע ווערטער פון דער לעקציע (זע פּונקט 1).

די קינדער האָבן איצט געענדיקט אַלע צוגרייטונגען און דאַרפן צוטרעטן צום זעלבסטשטענדיקן לייענען צוליב דעם אינהאַלט פון דעם געלייענטן. דער לערער דאַרף אָבער זען נאָך מער פּערפּעקטיקן די איינגעשאַפּענע קענטעניש. ס'ווערט דעריבער רעקאָמענדירט אָפּצוגעבן די נעקסטע לעקציע, אָדער אפילו צוויי לעקציעס, פאַר פאַרהערן די קינדער. די פאַרהערן דאַרפן אַרומנעמען:

א) די לידער אויף אויסנווייניק: זען צי אַלע קענען די לידער גוט דעקלאַמירן

ב) שרייבן דעם א"ב: זען צי קען יעדעס קינד שרייבן די געלערנטע אותיות.

ג) האנטשריפט: זען אז יעדעס קינד זאל שיין און ריכטיק שרייבן די אותיות.

ד) לייענען: זען צי קענען די קינדער איבערלייענען אויפן ברעט צעוואָרפענע זאצן און איינציקע ווערטער; צי קענען זיי איבערלייענען צעוואָרפענע שורות פון בוך: לערער הייסט, למשל, לייענען די דריטע שורה פון לידל „די זיידעס מיט די באָבעס" א. אז. וו.

ה) דערציילן: זען צי געדענקען די קינדער דעם אינהאַלט פון די מערסטע לידלאַך און צו קענען זיי דאָס דערציילן.

## די ווייטערדיקע לעקציעס

### א) לייענען

**ציגעלע און וויגעלע** (ז. 27).

1. קינדער עפענען די ביכער און דער לערער לייענט פאַר דאָס מעשה'לע.
2. קינ־ער דערציילן דעם אינהאַלט.
3. קינדער לייענען פאַר דאָס מעשה'לע.

טוט דאָס זעלבע מיט די מעשה'לאך: „זיסעלע און ניסעלע" און „אַרעלע און באַרעלע".

**די קראָ און דער פוקס** (ז. 32)

1. דער לערער דערציילט צוערשט די מעשה פון דער „קראָ און פוקס".

2) קינדער פירן וועגן דעם א שמועס, דורך די פראַגעס פון לערער.

3. קינדער לייענען דאָס מעשה'לע.

## אַ פאַרבלאָנדזשעטע קעצעלע (ז. 33).

דער לערער דאַרף איבערלייענען פאַר די קינדער די שווערע ווערטער פון דער לעקציע, באַזונדערס די ווערטער: פאַרבלאָנדזשעט, געמיאוקעט. ס'איז ניט נייטיק צו מאַכן דערווייל קיין ספּעציעלע איבונגען אויף די קלאַנגען „דזש" און „או". די קינדער וועלן די קלאַנגען זייער זעלטן באַגעגענען אין די ווייטערדיקע לייענמאַטעריאַלן.

זאָלן די קינדער איבערדערציילן דאָס מעשה'לע. ווער פון די קינדער ווייס פון אַן ענלאַכער פּאַסירונג?

## דער יעגער (ז. 36).

אַז די קינדער וועלן שוין קענען דאָס לידל אויף אויסנווייניק, מאַכט מיט זיי אַ ריי איבונגען אויף די קלאַנגען יאַ און יע. נוצט נאָר ווערטער אין וועלכע די קלאַנגען קומען פאָר פון אָנהייב וואָרט (יאַגעדעס, יאַנואַר, יעדער, יענער).

## אַ מעשה מיט אַ בער (ז. 38).

נאָכדעם ווי די קינדער האָבן איבערגעלייענט דאָס מעשה'לע און זיינען גוט באַקאַנט מיטן אינהאַלט, זאָלן זיי דאָס דראַמאַטיזירן. איין קינד שפּילט די מאַמע, אַ צווייטס — דער בער און די איבעריקע — די קינדערלאַך אין הויז. דער בער קען שטיין אין דרויסן פון קלאַס־צימער.

ווייזט אַז אויפן קלאַנג זש איידער מ'לייענט די מעשה. אויף דעם קלאַנג אי (אין איד) דאַרף מען זיך אינגאַנצן ניט אָפּשטעלן. דער לערער זאָל איבערלייענען דאָס וואָרט פאַר די קינדער.

## סאַמעטל און זיידעלע (ז. 40).

מאַכט אַ ריי איבונגען אויפן ברעט אויפן קלאַנג טש. זעט אַז צווישן די איבונגס־ווערטער זאָל זיך געפינען דאָס וואָרט „איינטשינקע". דעם קלאַנג יאַ האָבן די קינדער שוין געהאַט פריי־

ער און זיי וועלן איצטער ניט האָבן קיין שוועריקייטן איבערצולייע־
נען דעם יאָ. נאָכדעם ווי די קינדער קענען גוט דאָס לידל, לייע־
נען און אויף אויסווייניק, מאַכט אַ ריי איבונגען אויף די קלאַנ־
גען יאָ, יע (דער יעגער) און יאָ (פון דעם לידל). נוצט די ווער־
טער פון ביידע לידלאַך.

זאָלן די קינדער פרובירן צוזאַמענשטעלן אַ מעשה׳לע פון דעם
לידל.

דאָס זיינען די ערשטע מעשה׳לאַך, וואָס די קינדער הייבן
אָן אַליין לייענען. דאָס לייענען שטיצט זיך שוין איצטער מער
ניט אויף דער אַרבעט פון אויסנווייניק. דער לערער דאַרף זיי אָבער
פריער פאָרלייענען ערשטנס, כדי אָנצואווייזן די קינדער, ווי
מ׳דאַרף לייענען; צווייטנס, כדי זיי זאָלן לייכטער כאַפּן דעם
אינהאַלט און דריטנס, כדי זיי אָנצואווייזן אויף די נייע און שווע־
רע ווערטער. ווי: אונטער, וואו, ענטפערט, א. אז. וו.

בכלל מעג דער לערער פון צייט צו צייט פאָרלייענען געוויסע
מעשה׳לאַך פאַר די קינדער, איידער זיי אַליין לייענען. זאָלן די
קינדער סטימולירט ווערן צו לייענען „אַזוי ווי דער לערער".

**פאָרלעזונגען**: קורצע און לייכטע מעשה׳לאַך דאַרף דער
לערער אַרויסגעבן די קינדער צו לייענען אין דער היים און זיך
צוגרייטן דאָס פאָרצולייענען פאַרן קלאַס. ווען קינדער לייענען
פאַר פאַרן קלאַס מעשה׳לאַך, וואָס זיי האָבן צוגעגרייט אין דער
היים, דאַרף דער לערער דאָס פירן אַזוי:

א) דאָס קינד, וואָס לייענט פאָר, שטייט פאָרנט פון קלאַס
און לייענט פאַר פאַר די קינדער, ניט פאַרן לערער.

ב) די איבעריקע קינדער אין קלאַס האַלטן די ביכער פאַר־
מאַכט און הערן זיך צו צו דער פאָרלעזונג.

ג) די זעלבע זאַך קען פאָרגעלייענט ווערן פון אַנדערע קינ־
דער, אויב זיי דענקען, אַז זיי קענען דאָס בעסער פאָרלייענען.

ד) קינדער קענען אויסקלייבן וועלכע מעשה'לאך זיי ווילן, אויב זיי זיינען נאר ניט צו לאנג.

ה) ניט נוצן דאס זעלבע מעשה'לע, וואס איז פארגעלייענט געווארן, פאר לייען־ארבעט אין קלאס.

ו) גרייזן וואס ווערן געמאכט פון קינדער בעת'ן פארלייענען דארף דער לערער בדרך כלל אדורכלאזן, אויב דאס זיינען ניט קיין וויכטיקע גרייזן, וואס קענען שטערן די איבעריקע קינדער צו פארשטיין דאס מעשה'לע; א שטייגער: לייענען „טאטע" אנשטאט „פאטער"; „דער" אנשטאט „די": ווערטער, וואס זיינען אינגאנצן ניטא אין דער מעשה'לע: אויסלאזן געוויסע ווערטער, וואס צעשטערן ניט דעם זין פון דעם זאץ; ניט פארענדיקן לייענען א גאנץ ווארט. א. אז. וו.

ז) ווען דער לערער דענקט, אז די גרייזן שטערן צו פארשטיין דעם אינהאלט פון דעם מעשה'לע, דארף ער אליין דאס גלייך אויסבעסערן. דער לערער דארף אבער ניט אפשטעלן דאס קינד פון לייענען און אים זאגן, אז ער האט געמאכט א גרייז, נאר אליין גלייך לייענען, ווי מ'דארף. ווען דער לערער וויל, אז די קינדער זאלן אליין אויסבעסערן די גרייזן, זאל ער איינשטעלן פאלגנדע געוואוינהייט: ווי נאר א קינד מאכט א גרייז, גיט דער לערער א קלאפ אן טיש. דאס קינד וועט זיך גלייך כאפן, אז דא איז געמאכט געווארן א גרייז און וועט, אן איבעררייס, דאס אויסבעסערן.

**שטיל-לייענען**: שוין דאס ערשטע האלב־יאר קען מען קינדער צוגעוויינען צו לייענען א מעשה'לע פאר זיך, אין דער שטיל. פאר דעם שטילן לייענען ווערן רעקאמענדירט די פאלגנדיקע מעשה'לאך:

1) דאס קינד און די פעני (ז. 29).
2) א קלוגער ענטפער (ז. 35).
3) די בעסטע מאמע (ז. 37).

4) ניט צעקריגט זיך (ז. 42).
5) פֿאַרוואָס דער בער האָט אַ קורצן עק (ז. 50).
6) צוויי ברידער (ז. 54).
7) דאָס אינגעלע־פֿייגעלע (ז. 53).

ווען די קינדער לייענען שטיל דאַרף דער לערער זיי אָנצייגן:

1. ניט צו לייענען „מיט די ליפּן", נאָר קוקן מיט די אויגן און לייענען.

2. ניט „צו טייטלען מיט די פֿינגער", אויב די קינדער האָבן אַזאַ געוואוינהייט.

3. אויפֿהייבן די האַנט און רופֿן דעם לערער, ווען זיי קענען עפּעס ניט איבערלייענען.

דער לערער דאַרף זען, אַז איידער די קינדער נעמען לייענען איז דער שטיל זאָלן זיי וויסן ווי איבערצולייענען די נייע און שווערע ווערטער. די אַרבעט דאַרף געטאָן ווערן אויפֿן ברעט. די ליסט פֿון שווערע ווערטער געפֿינט זיך אויפֿן ברעט בשעת די קינדער לייענען.

קינדער וואָס האָבן פֿריער געענדיקט לייענען קענען אויס־העלפֿן אַנדערע.

סינאָנימען: אַזוי שנעל, ווי דאָס איז נאָר דורכפֿירבאַר, דאַרף דער לערער זיך אָפּגעבן מיט דער אויסבעסערונג און באַ־רייכערונג פֿון דער שפּראַך ביי די קינדער. דאָס ווערט איז אַ גרוי־סער מאָס דערגרייכט דורך די שמועסן, מעשׂות, שפּילן, א. אז. וו. איינס פֿון די וויכטיקסטע מיטלען פֿאַר דער באַרייכערונג פֿון דעם ווערטער־שאַץ ביי די קינדער איז: פֿאַרטייטשן איין וואָרט מיט אַן אַנדער וואָרט, וואָס האָט די זעלבע באַטייטונג. למשל: גראָב, אָסד, כעס — דיק, פֿיל, בייז.

איז דעם ערשטן האַלב־יאָר דאַרף דער לערער אָט די אַרבעט ניט טרייבן צו ווייט. ער דאַרף אָבער זען אויסנוצן אַלע געלעגנ־הייטן, וואָס קענען פֿירן צו דער באַרייכערונג פֿון ווערטער־שאַץ.

די דאַזיקע אַרבעט דאַרף אָבער בשום אופן ניט אָפּגעטיילט ווערן פון לייענען אַ מעשה: נאָר דאָן האָט אַ זין צו באַקענען זיך מיט סינאָנימען, ווען די קינדער האָבן פאַר זיך דעם גאַנצן זאַץ און דאָס נייע וואָרט קען געניצט ווערן אין דעם זעלבן געדאַנק.

אָפּטיילן די סינאָנימען־אַרבעט פון לייענען קען דער לערער דעמאָלט, ווען די גאַנצע זאַך ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ שפּיל. דאָס קען דורכגעפירט ווערן אַזוי: דער לערער שרייבט אויף אויפן ברעט, לאָמיר זאָגן, די פינף ווערטער: אַסך, פעט, גיך, הרג'ענען, מאַמע. לערער אָדער די קינדער לייענען איבער די ווערטער. איינער נאָכן אַנדערן קומען די קינדער צו צום לערער און זאָגן אים ניט וואָס די ווערטער מיינען, נאָר אַנדערע ווערטער. אַ קינד, וואָס גיט ניט אָן קיין איין סינאָנים, פאַלט אינגאַנצן אַרויס פון שפּיל. ווען מ'איז איינמאָל אַרומגעגאַנגען אַלע קינדער הייבט מען אָן נאָכאַמאָל; דערביי ווערן אויסגעלאָזן די וואָס האָבן גאָרניט געוואוסט און די וואָס האָבן געוואוסט אַלע. איצטער פאַלן אַרויס פון שפּיל די, וואָס ווייסן ניט צום ווייניקסטן 2 סינאָנימען: דערנאָך דריי, פיר, ביז ס'בלייבן בלויז די, וואָס ווייסן אַלע פינף. די זיינען די געווינער פון שפּיל.

**הויך־לייענען**: לייענען הויך אין קלאַס דאַרף גאַנץ אָפּט פּראַקטיצירט ווערן, כדי די קינדער זאָלן אַנטוויקלען ביי זיך דאָס פליסיקע און אויסדרוקפולע לייענען (לייענען אַ גאַנצן זאַץ מיט אַמאָל און ריטמיק אַקצענטירן), און כדי זיך אויסצולערנען לייענען נייע און שווערערע ווערטער. דאָס הויכע לייענען איצטער דאַרף אויך אויסגענוצט ווערן, כדי צו באַקענען די קינדער מיט יענע קלאַנגען, וואָס זיי האָבן פריער נאָך ניט געהאַט.

ביים לייענען הויך אַ מעשה'לע דאַרף דער לערער געדענקען:

1) באַקענען פריער די קינדער מיט די נייע ווערטער.

2) לאָזן די קינדער אַליין אויסבעסערן די גרייזן, רופנדיק „קלאַס !" ווען אַ קינד מאַכט אַ גרייז. בכלל דאַרף דער לערער זען

זיך צו באנוצן מיט די קינדער, וואס ווייסן מער, ווען ס׳קומט אים אוים מיט וואס ס׳איז באהילפיק צו זיין די אנדערע.

3) צוגעוויינען די קינדער צו לייענען גאנצע פראזן און זאצן מיט אמאל, נים איינצלנע ווערטער: „נים ציילן די ווערטער". א גוט מיטל איינצושאפן זיך די דאזיקע געוואוינהייט איז: לייענען הויך באקאנטע זאכן, אזעלכע וואס מ׳האט שוין פריער געלייענט און דער סוזשעט איז די קינדער גוט באוואוסט.

4) איבערלייענען א מעשה עטלאכע מאל אין קלאס, לאזנדיק יעדעס קינד לייענען א פאראגראף, אדער צוויי, דארף וואס וויניקער פראקטיצירט ווערן. אזא פראקטיק פארוואנדלט דאס הויכע לייענען אין ריינער מעכאנישער איבונג און די הנאה גייט פארלארן. איבערלייענען א מעשה מעג מען בלויז דאן, ווען ס׳זיינען פאראן וויכטיקע אורזאכן דערצו. א שטייגער: ווען די קינדער פארשטייען נים גוט דעם אינהאלט. ווען דער מאטיוו פון ווערן איבערשטייגן איינס דאס אנדערע אין לייענען הויך ווערט אריינגעבראכט אין דער ארבעט און בלויז צוליב דעם לייענט מען איבער די מעשה. ס׳איז פיל גלייבער לאזן יעדעס קינד לייענען עפעס וויניקער, איידער נאכאנאנד איבערקייען דאס, וואס ס׳איז די קינדער גוט באקאנט.

5) אנשטאט לאזן יעדעס קינד לייענען א גאנצן פאראגראף, אדער צוויי, קען מען פון צייט צו צייט לייענען הויך אזוי: דער גאנצער קלאס לייענט די מעשה איינמאל אין א סדר. דאס ערשטע קינד לייענט דעם ערשטן זאץ, דאס צווייטע קינד — דעם צווייטן, א. א. וו. ביז די גאנצע מעשה איז געענדיקט געווארן. אויב די קינדער וועלן נאר פאראינטערעסירט זיין אין דער מעשה, וועט דער לערער נים דארפן באנוצן קיין דיסציפלין מיטלען אויף צווינגען די קינדער נים נאר זיך אפצוגעבן מיט דעם, וואס יעדער לייענט אליין, נאר אויפמערקזאם אויסצוהערן די מעשה, ווי א גאנצע און די וואס לייענען.

6) ס׳איז ניט ראטזאם צו לאזן דעם גאנצן קלאס לייענען קאלעקטיוו, אלע קינדער צוזאמען. דער לערער האט דאן ניט קיין שום מעגלאכקייט צו קאנטראלירן דאס אינדיווידועלע לייענען; די שוואכערע לייענער ווערן דאן בלויז מיטגעשלעפט און לייענען אליין גארניט; ס׳ווערט אויסגעלאזן די מעגלאכקייט פון לאזן יעדעס קינד אנטוויקלען ז י י ן אופן פון לייענען און א דאנק דער אויפמערקזאמקייט, וואס די קינדער שענקען דאס פארלייענען, גיבן זיי זיך ניט אפ מיט דער זאך.

ב) שרייבן:

די שרייב־ארבעט דאס צווייטע האלב־יאר דארף באשטיין אין דעם:

האנטשריפט: דאס צווייטע האלב־יאר דארפן די קינדער קענען שרייבן אלע אותיות ריכטיק און שיין. אויב דער לערער געפינט נאך חסרונות, קען ער פאר דעם צוועק דורכפירן פון צייט צו צייט פארשידענע איבונגען אויפן ברעט און מאנאטלאכע טעסטן.

אויסלייגן: דער לערער דארף ווייטער אנפירן די דיקטאטן פון ברעט, ווי אין דער פינפטער לעקציע. וואס ווייטער קען מען געבן שווערערע ווערטער. דער לערער קען איצטער באנוצן גאנצע זאצן מיטאמאל. אויפשרייבן אויפן ברעט, למשל, „זיסעלע האט א ניסעלע" — לאזן די קינדער עס איבערלייענען, זיך צוקוקן צו דעם זאץ, לערער מעקט דאס אפ און די קינדער שרייבן עס, אזוי מיט עטלאכע אנדערע זאצן, אדער א גאנץ לידל.

אחוץ דעם קען דער לערער, אויב ער געפינט דאס פאר נייטיק, אנהייבן געבן דיקטאטן אויף אויסנווייניק. אנשטאט שרייבן די ווערטער אויפן ברעט, זאל ער זיי בלויז פארלייענען, אדער דיקטירן, און די קינדער דארפן זיי שרייבן. די דאזיקע דיקטאטן דארפן אבער זיין א הילף צו דער ווייטערדיקער שריפטלאכער ארבעט.

און ניט קיין זעלבשטענדיקער, אפגעטיילטער לימוד. די ווערטער פאר די דיקטאטן דארפן זיין אזעלכע, וואס די קינדער וועלן באַ־נוצן אין זייער זעלבשטענדיקער שריפטלאכער ארבעט און דארפן מיט דער ארבעט זיין פארבונדן. ווען דער לערער געפינט אויס, אז די קינדער שרייבן א געוויסן קלאס ווערטער ניט ריכטיק, למשל: שטומער א׳, יי, א. אז. וו. דאן דארף ער דורכפירן אזעלכע דיק־טאטן, נאכדעם, ווי ער האט די קינדער אנגעוויזן אויף די חסרונות.

**קאמפאזיציע:** צו די קאמפאזיציע ארבעטן דאס ערשטע האלב־יאר (און דער לערער דארף די ארבעטן ווייטער פארזעצן) קענען איצטער צוגעגעבן ווערן צוויי נייע טיילן: שריפטלאכע פאראפראזעס און ענטפערס. נאכדעם ווי די קינדער האבן מינד־לאך איבערגעגעבן דעם אינהאלט פון א לידל אין דער פארם פון א מעשה׳לע, זאלן זיי עס שרייבן ביי זיך אין די העפטן, אדער אויפן ברעט. די דאזיקע פאראפראזעס דארפן זיין זייער קורצע, למשל:

„א קינד שפילט זיך אין ליים. דאס קינד מאכט
טישלאך און בענקלאך פון ליים. גייט דער טאטע
זעט דאס, שרייבט ער. אבער דער ברודער זאגט:
„ער וועט נאך אמאל זיין א קינסטלער״.
(לויט „איך בוי פון ליים א מויער״)

ווען די קינדער שרייבן די פאראפראזעס דארף דער לערער שטיין ביים ברעט און אויפשרייבן פאר די קינדער די אלע ווער־טער, וואס זיי קענען אליין ניט שרייבן, א שטייגער: קינסטלער. ליים, בענקלאך, א. אז. וו.

שריפטלאכע ענטפערס אויף פראגעס דארפן איבערהויפט זיין פארבונדן מיטן שטילן לייענען. פון אנהייב קענען די קינדער געבן זייערע ענטפערס מינדלאך און דערנאך זיי שרייבן. שפעטער קען מען איינציקווייז איבערגיין צו דירעקטע שריפטלאכע ענטפערס.

# ביבליאָגראַפיע

1. Samuel Ch. Parker: Types of Elementary Teaching and Learning, ch. III, pp. 13—21, chap. XII, pp. 296—424.

2. A School in Action, pp. 11—33.

(דאָס איז זייער אַן אינטערעסאַנטער סטענאָגראַפישער באַריכט פון אַן עקספּערימענטאַלער זומער־שול אין וועלכער יעדער לימוד איז אָנגעפירט געוואָרן פון צוויי פאַרשידענע לערער: איינער אַ „פּעדאַגאָג“ און דער צווייטער אַ „קינסטלער“.)

3. Edmund B. Huey: The Psychology and Pedagogy of Reading, chaps. XIV, XV, XVII and XXI.

4. The Eighteenth Yearbook of the National Society for the Study of Education, chaps. I and II.

(דאָ געפינט זיך אַ קורצער סך־הכל פון דעם, וואָס די מאָדערנע וויסנשאַפטלאַכע פּעדאַגאָגיק האָט אויפגעטאָן אויפן געביט פון לערנען לייענען און שרייבן.)

5. The Twentieth Yearbook of the National Society for the Study of Education.

6. Clarence R. Stone: Silent and Oral Reading, chaps. I and II.

(אַן אַלזייטיק האַנטבוך פאַר דער וויסנשאַפטלאַכער מעטאָדיק פון הויך און שטיל לייענען.)

7. Sheldon E. Davis: Technique of Teaching, pp. 90—139.

8. Frank N. Freeman: The Psychology of the Common Branches chaps II. IV and VI.

# ווערטערביכל

(דער לערער וועט דאָ געפינען אַ פאַרצייכעניש פון די מערס־טע שווערע ווערטער פון ביידע ערשטע לייענביכער. אַ צאָל ווער־טער, וואָס זיינען גאָרניט שווער, ווערן דאָך אריינגעשטעלט, כדי אָנצואווייזן דעם לערער, ווי אַזוי אָנצופירן די אַרבעט מיט סינאָ־נימען. דער לערער דאַרף, נאַטירלאַך, זען אויסנוצן פאַר דער אַרבעט אַלע יענע ווערטער, וואָס האָבן זייערע סינאָנימען אין דער שפּראַך. די ווערטער ווערן ניט אויספירלאַך פאַרטייטשט. די לערער דאַרפן דאָס אויסברייטערן, ווען נייטיק. די פאַרטייטשונ־גען באַציען זיך אויפן שייכות פון וואָרט אין גאַנצן זאַץ. ווערטער אין קלאַמערן גיבן אָן די פאַרטייטשונגען אויף ענגליש.)

## א

אַלמער — שאַפע (פאַר ביכער)
אַרויסגעשמיסן — אַרויסגעוואָרפן
אויסטערליש — מאָדנע, ניט געוויינלאַך
אַנטציקונג — נחת, צופרידנקייט
אַפּנים — ווייזט אויס
אָנקאָרמען — שפּייזן, געבן עסן
אָנצוגל — קליידער, קאָסטיום
אימפּעט — כוח, שנעלקייט
אוצרות — רייכקייטן, פאַרמעגנס
אָנשטעל — אויסזען, מינע
אַנטפּלעקט — קלאָר, אויפגעדעקט

## ב

בשעת — ווען, אין דער צייט
בעלן, געווען אַ — גרייט געווען, ווילינג
בת-מלכה — פּרינצעסן, קעניגס טאָכטער

בן-מלך — פרינץ, קעניגס זון
באָסאָקלאָך — שטיוועלאַד
באָנדער — דער וואָס מאַכט פעסער
ביסטרע — שאַרפע
ברואים — באַשעפענישן
באַגדאַד — אַ גרויסע שטאָט אין אַזיע
ברעגעס — זייטן
באַלקן — סופיט (סילינג)
באַקדייזשע (אַקצענט אויף באַק) — דייזשע, מולטער, כלי צו קנעטן טייג
בורשטין — זייער אַ טייער געל שטיינדל (אַמבער)

ג

געשווינט — גיך, שנעל, פלינק
גאָרן — שטאָק (פלאָר)
געפּענטעט — געבונדן
געצייג — אינסטרומענטן אָדער כלים צו אַרבעטן
גאַניק — באַלקאָן (באַלקאַני)
גוי — פויער, פּאַרמער
געגעזן, ווערן — געזונט ווערן
גאַרבער — דער וואָס אַרבעט אויס לעדער פון פעלן
גיבור — העלד, שטאַרקער
גרענאַדירן — סאָלדאַטן

ד

דראַפּען — קלעטערן, אויסרייסן
דעות, פרעגן — ערלויבעניש בעטן
דעליע — מאַנטל
דרך-ארץ — רעספּעקט
דיל — פּאַדלאָגע (פלאָר)
דאָרפסיונג — אַ פּראָסטער

ה

הוילער — פוסטער, ליידיקער, נאַקעטער

הויפן — אַ פולע האַנט

וו

וועוועריקע — (סקוואַרעל)

וויכער — זייער אַ שנעלער ווינט, שטורעם־ווינט

ווערענדע — (פּאַרטש)

וואָראָבייטשיק (אַקצענט אויף ביי) — אַ פויגל

ז

זופּיצע — לאַנגער מאַנטל

זודיקע — קאַבעדיקע

ט

טשוואָק — נאָגל

טשערעדע — סטאַדע (פלאַק און שיף)

כ

כעסן — בייזער

כלומערשט — אויף אַ שפּאַס

כאַלעווע — אויבערשטער טייל פון שטיוול

ל

לעקיש — נאַר, גולם

לשון — שפּראַך

לויערט — וואַרט אָפּ

מ

מאָך — ווילדע גראָז וואָס וואַקסן אין זומפּן, בלאָטעס

מחיה — פאַרגעניגן

מירמלשטיין — מאַרמאָר

מנהג — פירונג
מאַזאָליעם — אַנגעהאַרטעוועטע שטיקלאַך הויט אויף דער האַנט
פון שווערער אַרבעט (קאָרנס)
משא — שווערע זאַך
מבול — אַ ים, אַ גאַס, זייער פיל
מדינות — לענדער
מלאכה — אַרבעט, פאַך
מונדירן — זעלנערישע מאַנטלען

## נ

נוקם זיין — אָפּרעכענען זיך, באַצאָלן פאַר שלעכטס
נאָרע — לאָך, נעסט
נחת — פאַרגעניגן, גליק
נס — וואונדער

## ס

סטענגעלע — שנירעלע, פאַסמעלע
ספרים — ביכער
סעודה — מאָלצייט
סאָד — פרוכט־גאָרטן
סכנה — געפאַר
סאַמע — פונקט
סוויטע — קאָמפּאַניע

## ע

עד היום — ביז היינט
ענטעלע — קאַטשקעלע

## פ

פּאַראָומערט — פאַרטרויערט
פּויסט — אַ פאַרמאַכטע האַנט

פאַרשייטע — ווילדע, צעלאָזענע
פלייסיק — מיט חשק
פליאַסקען — שמייסן

### פֿ

פליטה געמאַכט — אַנטלאָפֿן
פויערים — פּאַרמער
פּאָלעצע — פּאַד, שאַפֿע אָדער ברעטל, אויף וועלכן מ'שטעלט
ארויף כלים (שעלוום)
פּריזבע — (פּאַרטש)
פריץ — זייער אַ רייכער
פּאַכווע, אונטער דער — אונטערן אָרעם
פּיאַטע — (היל)
פּאַטשערקעס — קרעלן
פּאָפּקע — ליאַלקע, פּופּע
פּילקע — באַלעם (באָל)
פליעסק — פּאַטש
פּאָסטאָלעס (אַקצענט אויף פּאָס) — שיך
פלויט — צאַם (פענס)
פּורפּור — רויט
פּשעניטשקעס (אַקצענט אויף פּשע) — קאָטשענעס, קוקורוזע
(סוויט קאָרן)
פּאָדלאָגע — דיל (פלאָר)

### צ

צאַרטע — איידעלע, ווייכע
צעווערטלט — צעקריגט
צוים — לייצעם (רעינס)
צעשויבערטע — צעוואָרפענע, צעלאָזענע

## ק

קרייטעכצער — ווילדע גרינסן
קאַסקעס — זעלנערישע היטלען
קאַוואַלערן — (דזשענטלמען)
קלייט — געשעפט
קורין — אַביידל פאַרן פאַסטוך אין פעלד
קראָמען — געשעפטן
קאַרטאָפל — בולבעס
קאַפּאָטע — מאַנטל
קוקורוזע — (סוויט קאָרן)
קרענצל — שנירל
קלאַוויר — פּיאַנע
קייקעלע — פעסל צו שלאָגן פּוטער
קלומבעס — הויפנס, בערג
קלעזמער — מוזיקאַנטן
קאַליף טיטל פון מאַכמעדאַנישן הערשער
קאָרע — שאָל
קוילעטש — חלה, ברויט
קאַמער — צימער
קאַרעטע — קאַטש, וואָגן
קוטאַסל — טראָלז (טאַסל)

## ר

רופא — דאָקטער
רגע — מינוט
ריטלאַך — שפּענדלאַך, דינע שטיקלאַך האָלץ אָדער צווייגלאַך
ראָשצינע — דאָס ניט פאַרקנאָטענע טייג
רענצל — טאַש פאַר ביכער

## ש

שפּייז-אַלמער — שפּיזאַרניע, צימערל וואו מ׳האַלט עסנוואַרג
שאַרשקען — רוישן
שוויין — חזיר
שומר — היטער
שמ׳ט — האָט אַ נאָמען, איז באַרימט
שרעגנע — שורה, אויסגעשטעלט אין אַ —
שלייף — סטעזשקע, פּאַסמע
שלייען — אַ פיש
שליאַך — אַ וועג
שפּונט — שטאָפּער
שפּאַן — וואָגן
שנעק — זייער אַ קליינער
שאַלעכל — טיכל
שפּיזאַרניע — וואו מ׳האַלט עסנוואַרג
שאַרע — גרויע
שטעכלער — יאָזש

# דרוק-פעלער

דער צווייטער פּאַראַגראַף אויף זייט 26 דאַרף זיך לייענען אַזוי :

פּאַרן קינדס אויג שטייט קודם־כּל דאָס וואָרט, אַ גאַנצער זאַץ און גאָר לכתּחילה — מסתּמא די גאַנצע געדרוקטע זייט. אונ־טערשידן און ענלאַכקייטן הייבט דאָס קינד אָן באַמערקן אין דעם זאַץ, אָדער וואָרט, נאָכדעם, ווי ס'איז דערמיט באַקאַנט. און די דאָזיקע אונטערשידן און ענלאַכקייטן קומען צום קינד אפילו אָן אונזער הילף, עס באַמערקט זיי אַליין, אומדירעקטערהייט.